# דער גרונטשטיין

**ספעציעלע אויסגאַבע**

**געווידמעט דער פייערונג**

**פון לייגן דעם גרונטשטיין**

## אונטער דעם בנין פון בית-הכנסת

**און**

## דער צענטראַלער „אידישער היים“

ארויסגעגעבן דורך דעם פאַטראָנאַט פון דער אידישער היים

אונטער דער רעדאקציע
פון
ל י י ב  ה י ל ל ע ר
און
נחמן סאלאווייטשיק

האוואנא, קובא. י״ג סיון תשי״א לפ״ק (17 יוני) 1951

## אינהאַלטס־פאַרצייכנונג

# צום היינטיקן גרויסן יום־טוב

עדיטאָריעל

די אידישע ימים טובים צייכענען זיך תמיד אויס, אין אונזער לאַנגער געשיכטע, אַלס טעג פון גליק און פרייד. דאָס זענען טעג, אין וועלכע עס ווערן געפייערט גרויסע היסטאָרישע געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס זענען פאַר־לאָפן אין גאַנג פון דורות. אין די דאָזיקע טעג פון יום טוב און רוחניות ווערט דאָס געפיל אין אונז פארטיפט און דערהויבן. עס לעבט אין אונז דאַן אויף דאָס באוואוסטזיין, און אומעטום, בכל מקום שהם, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ אידישער ישוב, ווערן אין דעם טאָג דערמאָנט וויכטיקע און פייערדיקע מאָ־מענטן פון אונזערע אבות אבותינו, פון אונזער גלאָררייכער פארגאַנגענהייט.

לאָקאַלע אידישע ימים טובים ווערן אין דער אלגעמיינער אידישער געשיכטע זייער ווייניק דערמאָנט, מיטן אויסנאַם פון אַ באַגרעניצטער צאָל לאָקאַלע ימים טובים, וואָס זענען פאַרצייכנט אין ספר „אוצר ישראל״, וואָס שטעלן מיט זיך בלויז פאַר גרעסערע שמחות און ספּעציעלע געשעענישן, וואָס זענען פון צייט צו צייט פאָרגעקומען אין פאַרשידענע אידישע ישובים.

עס פּאַסירט זעלטן, אַז אַ גאַנצער ישוב זאָל זיך באַטייליקן אין א י י ן גרויסער און וויכטיקער געשעעניש, וואָס איז נוגע דעם ישוב. אין מערסטע פאלן ווערט אַזאַ שמחה געפייערט פון בלויז אַ טייל „מחותנים״ פונם ישוב. די איבעריקע, אויב זיי קומען, זענען זיי נישט מער ווי געלאַדענע געסט אויף דער „חתונה״. ווען עס טרעפט אָבער — וואָס אַן אמת אין זעלטענע פאַלן — ווען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון א לאנד ווערט באַזעלט פון איין געפיל און אָנגעצונדן פון איין געדאַנק און זי לאָזט זיך אַרויס איבער די גאַסן מיט שטראַליקע פּנימער און געזאַנג אין די הערצער, און די גאַנצע מאַסע פילט דאַן ווי איין מענטש, אַז דער יום טוב ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אלגע־מיינער סימפּאָניע פון פרייד און האָפנונג — דאַן ווערט דער טאָג פאַרשריבן אַלס היסטאָרישע פּאַסירונג אין דעם ישוב׳ס געשיכטע און ער איז זוכה צו פאַרבלייבן אַן אָנדענק־טאָג לדור דורות.

היינט, דעם דרייצנטן טאָג פון חודש סיון, פייערן מיר דעם אקט פון לייגן דעם גרונטשטיין סיי פאַר דעם בית הכנסת, סיי פאר דעם בנין פון דער

אידישער היים. אן אויסגעהלומטער אידעאל פון יאָרנלאַנגער אָנגעשטרענגטער און מיט מסירת נפש אָנגעפילטער ארבעט גייט פאַרווירקלעכט ווערן. דער יום טוב איז פאר אונז א גרויסער און א באדייטנדיקער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער גאנצער פייערלעכער אקט באשטייט בלויז פון א קליינער צערעמאָניע פון איינמויערן א פאָר שטיינער. דער דאָזיקער קורצער אקט איז אָבער אַן אָנזאָג, אַז מיר שרייבן אַ ניי בלאט אין דער געשיכטע פון קובאנער אידישן ישוב. עס איז אַן אָנזאָג, אַז מיר בויען א געמיינזאמע, בשותפותדיקע דירה פאר דעם גאנצן אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן דאָ אין קובא, מיט פולער אחדות און הארמאָניע פון אלע ריכטונגען. עס וועלן נישט זיין מער קיין קליינלעכע רייבונגען און מיספארשטענדענישן, וואָס טריקענען אויס דעם זאפט פון אונזער שעפערישן לעבן. אלע מחיצות צווישן פארטייען און ריכטונגען וועלן פאַר־שווינדן. מיט דער אייביקער אידישער עקשנות הויבן מיר איצטער אָן צו בויען א פעסטונג פון שטאָל און גראניט, כדי צו פאראייביקן און צעמענטירן דעם קיום און המשך פון אונז אלע.

דערפאר צאַפּלען היינט פון פרייד אַלע הערצער פון אידישן ישוב. דער זיידע, די באָבע, די קינדער און אייניקלעך — אַלעמענס הערצער קלאַפּן אויס א סימפאָניע צום טאקט, אַ סימפאָניע פון גליק, וואָס מיר האָבן דערלעבט דעם היינטיקן טאָג. אַלע וועלן מיר אינדערשטיל און מיט כוונה זאָגן די ברכה:

ש ה ח י י נ ו  ו ק י מ נ ו  ו ה ג י ע נ ו  ל ז מ ן  ה ז ה . . .

# מגילת-היסוד

בהנחת אבן-הפינה לבית הישוב היהודי בהבנה, מדינת קובה:

**היום**, 17 ביוני שנת 1951, תחת ממשלתו של נשיא מדינת קובה דר׳ קארלאס פריאָ סאָקאַראַס, י״ג ימים לחודש סיון שנת ה׳ אלפים תשי״א לבריאת העולם, אלף תתפ״א לחורבן בית מקדשנו, השנה הרביעית למדינת ישראל בנשיאתו של פרופסור דר׳ חיים בן עוזר ויצמן, במעמד ראשי המוסדות ובאי-כח של הישוב היהודי בקובה בנוכחותו של הרב דקהלת הבנה, הרב ר׳ מאיר רוזנבוים

## אנו מצהירים

שאנחנו תושבי קובה, בני הישוב היהודי שהנהו כיום אוד מוצל מאש, משארית הפליטה של קהלות ישראל בתפוצות אירופה, שבתוך חרבותיה הושמד שליש שלם של עמנו במלחמתו הנואשת בימי השואה והשמד עם מפלצת הזועה של ראש צוררי ישראל — היטלר הרשע ימח שמו וזכרו — התאספנו היום פה בהבנה, בירת מדינת קובה, בטקס הנחת אבן-הפינה

## לבית הכנסת ולבית הישוב היהודי בקובה

שישמש בית נאמן לתרבות ולרוח ישראל סבא, שיאצל מהודו ומברכתו על הישוב היהודי בקובה להעלאת רמתו הרוחנית, להחזיק מעמד ולשמור את שלהבת העבר וההוה והעתיד גם יחד של עמנו — עם עולם — אשר בם התמזגו האמת והצדק היפה והנשגב של כיסופינו ושאיפותינו מדור דור. ובשעה חגיגית זו

## תאמצנו תקותנו

שהישג תרבותי והינוכי זה ישמש בסיס לנו ולבנינו ולבני-בנינו להמשכת קיומנו בתור יהודים הנאמנים לעמם לארצם ולמולדתם ושלא ימוש מלבנו ומלב הבאים אחרינו דמות המולדת הנכספת המפרפרת ביסורי גאולתה.

ועל זה באנו על החתום:

(התימות כל חברי הפטרונט)

## טעקסט אין אידיש פון דער פייערלעכער דעקלאַראַציע אין עברית, געשריבן אויף פּאַרמעט מיט סופר׳ישע אותיות, אונטערגעשריבן פון אַלע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט, וואָס איז אײַנגעמויערט געוואָרן ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון דעם בנין פאַר דעם בית הכנסת און היים פון קובאַנער אידנטום:

היינט, דעם 17־טן יוני 1951, אונטער דער רעגירונג פון פּרעזידענט פון דער קובאַנער רעפּובליק, דר. קאַרלאָס פּריאָ סאָקאַראַס, 13־טער טאָג אין חודש סיון, 5711 יאָר לויט אונזער צייטרעכנונג און 1881 יאָר זייט חורבן בית שני, אין פערטן יאָר פון דער ווידער־אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון פּראָפעסאָר דר׳ חיים בן עוזר ווייצמאַן, אין דער אַנוועזנהייט פון די פּרעזידענטן פון אַלע אָרטיקע אידישע אינסטיטוציעס און פאַרשטייער פון אידישן ישוב אין קובאַ, ביי דער באַטייליקונג פון דעם רב פון דער קהלה פון האַוואַנאַ, הרב ר׳ מאיר ראָזענבוים

### דערקלערן מיר פייערלעך

אז מיר, די אידישע בירגער פון קובאַ, רעשטלעך פון די אַמאָליקע גרויסע אידישע ישובים אין אייראָפּע, וועלכע זענען אויף אַן אכזריות׳דיקן אופן פאַרניכטעט געוואָרן אין זייער פאַרצווייפלטן קאַמף מיטן גרויזאַמסטן, בלוטדורשטיקן מאָנסטער בשעת דער שרעקלעכסטער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט ווען געטראָפן אונזער פאָלק מיטן אומקום פון אַ דריטל פון אונזערע ברידער און שוועסטער אין דעם בלוטיקן טעראָר פון דעם גרעסטן צורר ישראל פון אַלע צייטן, היטלער, ימח שמו וזכרו, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט היינט אין האַוואַנאַ, הויפּט־שטאָט פון קובאַ, אין דעם צערעמאָניאַלן אַקט פון לייגן דעם גרונטשטיין צום בנין פאַר דער

### בית הכנסת און היים פון קובאַנער אידנטום

וועלכע וועט אויך זיין און בלייבן די היים פון אונזער אוראַלטער קולטור און גייסט און וועלכע וועט פאַראייניקן אונזער אַמאָל מיט

אונזער היינט, דערהויבנדיק אונז צו דער געהעריקער קולטורעלער מדרגה, וואָס וועט שטאַרקן אונזער פּאָזיציע אויף זיך קענען אויסלעבן און ווייטער פּאָרזעצן די גאָלדענע קייט פון אונזער פאָלקס־עקזיסטענץ, באַשיינט און באַקריינט פון דער גלאָררייכער ירושה פון אַן אייביק פאָלק, וואָס איז כסדר געווען דער קוואל און יסוד פון די העכסטע מאָראַלישע און עטישע באַגריפן.

און אין דעם־אָ פייערלעכן מאָמענט

## זענען מיר פעסט איבערצייגט

אַז לייגנדיק איצט דעם גרונטשטיין פון אַ בנין, וואָס סימבאָליזירט אונזער אַ וויכטיקע קובאַנער־אידישע קולטורעלע און דערציערישע דערגרייכונג, ווערט אויך גלייכצייטיק געלייגט

## אַ פעסטער און זיכערער פונדאַמענט

פאַר אונז, פאַר אונזערע קינדער, פאַר אונזערע קינדס־קינדער, צו פאַרזעצן גראַדליניק און געטריי די ריכטליניען פון אידישן קיום אומעטום, צו זיין און בלייבן — אימער און שטענדיק — געטרייע זין פון אונזער פאָלק און לאַנד, וואָס קעמפן פאַר זייער פולשטענדיקער גאולה.

אונטערגעשריבן:

(התימות פון אַלע מיטגלידער פון פאַטראָנאַט)

# דא וועט זיין דער מקום-קדוש

צום לייגן דעם גרונט-שטיין פאַר אַ בית-הכנסת און אַ היים

פאַר די אידן אין קובאַ

— פון —

אליעזר אַראָנאָווסקי

נישט קיין שטיין, און נישט קיין ציגל —
נאָר די תורה אין דעם ארון!
און דער ספר, און דאָס בוך
פאַרן קינד וואָס דאָ געבאָרן.

איבער ים׳ען — בלוט-און פייער,
דורכגעטראָגן זיי מיט יראה! —
איצטער בויען מיר אין קובאַ
דאָ פאַר זיי אַן אייגן דירה.

דאָ וועט זיין דער מקום-קדוש,
וואו די סיני-ליכט וועט בליצן,
און דעם קליינעם, שוואַכן ישוב
פון ציקלאָנען-נעכט באַשיצן...

דאָ וועט זיין דער אידיש-צענטער,
וואָס וועט אים מיט וועלט פאַרבינדן;
און די שבת-יום-טוב ליכט
וועלן מיר דאָ אייביק צינדן...

דאָ וועט ברענען אַ נר־תמיד
נאָך די זעקס מיליאָן קרבנות,
פון אַ וועלט וואָס האָט געשאָכטן
אָן אַ טראָפּן פון רחמנות!...

דאָ וועט זיין די בית־ישראל,
וואָס וועט אונדז מיט זיי באַהעפטן;
און ווען דער שונא וועט באַפאַלן —
וועט פון דאַנען קומען קרעפטן...

ווען שוואַך, און בלוטלאָז, אָרעם
זאָל, חלילה, זיין דער ישוב,
וועט ישראל פון דער ווייטן,
ווי אַ צויבער־וואָרט, אַ כישוף

אונדז פאַרוואַנדלען אין געטרייע
זין, פון אייביקן ישראל,
און ווי לאַנג ס'וועט זיין דער גלות,
וועט אים וועקן שטים פון גואל...

טעקסט פון אליעזר אראָנאָווסקי

מוזיק אַראַנזש.: פּראָפּ. יאַשאַ פישערמאַן



# הימל און ערד...

— פון —

## הרב הראשי ר׳ מאיר ראָזענבוים שליט״א



אמר רבה בר בר חנא: זימנא הדא הוי קא אזלינן במדברא אמר לי ההוא טייעא, תא אחוי לך היכי דנשקי ארעא ורקיעא אהדדי; שקלתי לסילתא אתנחת בכוותא דרקיעא; אדמצלינא, בעיתיה ולא אשכחתי, אמינא ליה איכא גנבי הכי? אמר ליה ההיא גלגלא דרקיעא הוא דהדר. נטר עד למחר כי השתא הכא ומשכחת ליה.

(ב״ב ד׳ ער׳)

---

היינט איז אַ יום טוב ביי אונז, קאָנאַנער אידן; אַ יום טוב, וואָס האָט נישט זיינס גלייכן אין דער היגער אידישער־געשיכטע.

פייערונגען זענען ביי אונז נישט קיין נאָווינע. צי מיר האָבן אַ פּאַרוואָס, צי נישט — מיר פייערן. און גאָר אָפט מאַכן מיר זיך אַפילו צו גלויבן, אַז מיר זענען פריילעך, ווען אין אמתן הערט זיך אַ שטימע פון אינעווייניק, וואָס פרעגט: „ולשמחה מה זו עושה?" ווייל מייסטע ימים טובים, וואָס מיר פייערן, אַפילו די גאָר גרויסע, האָבן אַנדערע פאַר אונז געמאַכט אָדער באַשטימט: רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און אַפילו לאָקאַלע. אַנדערש איז אָבער מיט דעם היינטיקן יום טוב, וועלכן מיר האָבן אַליין, בידים, אויסגע־

פאַרצעוועט און אויסגעהאַרעוועט. און דער יום טוב פאַרמאָגט אויך אַלע דריי מאָטיוון: דעם רעליגיעזן, נאַציאָנאַלן און לאָקאַלן. איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס דער דאָזיקער יום טוב האָט אויפגעשטורעמט די הערצער פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון קובאַ, וועלכע איז היינט פאַרזאַמלט בייצואוואוינען דאָס לייגן פון דעם גרונטשטיין פאַר דער אַלגעמיינער אידישער היים פון אַלע אידן פון קובאַ, און איז גרייט צו מאַכן דעם „שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה", אויף וועלכן זיי האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט.

מיר אַליין פילן זיך באַזונדערס יום טוב'דיק היינטיקן טאָג און מיר וואָלטן וועלן, אַז איר זאָלט מיט אונז טיילן די היינטיקע פריידיקע שטימונג, אויך אויף אונזער שטייגער.

• • •

דער מאָטאָ, וועלכן מיר האָבן אוועקגעשטעלט איבער דעם מאמר, איז איינע פון די וואונדערלעכע מיסטעריעזע מעשהלעך פון די גוזמאות פון רבה בר בר חנא. דערציילט אונז דער גרויסער אמורא: ווי ער איז אַמאָל געגאַנגען אין מדבר האָט זיך צו אים באַוויזן אַ סוחר און יענער האָט אים אָנגעבאָטן צוצוגיין מיט אים צו אַ געוויסן אָרט, וואו ער וועט אים באַווייזן ווי הימל און ערד קושן זיך. דערציילט רבה בב"ח: „האָב איך גענומען מיין קארב מיט ברויט (צדה לדרך) און האָב עס אַוועקגעלייגט אין פענסטער פון הימל. שפּעטער, ווען איך האָב געענדיקט דאַוונען און בין געגאַנגען זוכן מיין קארב מיט ברויט איז ער נישט געווען. פרעג איך מיין באַגלייטער: זענען דאָ פאַראַן גנבים? האָט ער מיר געענטפערט: דאָס איז דער הימלישער ראָד מיט זיינע מזלות. וואָס האָט זיך דאָ איבערגעדרייט. וואַרט צו ביז מאָרגן אין דער צייט, ווען דאָס ראָד וועט זיך צוריק איבערדרייען, וועסטו געפינען דיין שאָדן..."

אַפילו ווען אונזערע פאַרשער וואָלטן אונז נישט געזאָגט, אַז די מיסטעריעזע גוזמאות פון רבה בב"ח זענען געמיינט ווי סימבאָלן, וואָס טראָגן מיט זיך אַ טיפע לערע, וואָלטן מיר, דוכט זיך, גלייך געקאָנט באַמערקן, אַז דאָס אויבן דערמאָנטע מעשהלע טראָגט מיט זיך כמעט אַ שטיק נבואה, צו וועלכער מיר האָבן אַ גוואַלטיקן שייכות.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר רבה בר בר חנא אין אַ מדבר, פרעגן מיר זיך: אין אַ מדבר? ווי קומט ער אין אַ מדבר? און ווען עס וואַקסט פלוצלונג אויס לעבן אים אַ סוחר, וואונדערט מען זיך אויפסניי. וואָס האָט רבה בב"ח צו טאָן מיט סוחרים? ער איז נישט קיין ביזנעסמאַן, און וואָס פאַר אַ מין סוחר איז ער, אַז ער קען גאָר דאָס אָרט וואו הימל און ערד קושן זיך און ער ווייזט עס דעם געלערנטן אמורא?

איז ווען מיר קוקן זיך צו צו דעם אַלעם, זעען מיר, אַז דאָס מעשהלע איז ווי צוגעשניטן און אָנגעמאָסטן פאַר אונז און איז דער היסטאָרישער שפּיגל פון דעם היינטיקן גרויסן אידישן יום טוב אין קובאַ.

• • •

מיר, פונקט ווי רבה בב"ח, זענען דורך דער השגחה מגולגל געוואָרן אין האַוואַנאַ, וואָס יעדער איינער, סיי דאָ, סיי אין אויסלאַנד, האָבן עס באַטיטלט אַלס אַ גייסטיקער מדבר, אַ פּלאַץ, וואו די געזעלשאַפטלעכע ברכה קען נישט חל זיין. און לאָמיר דאָ מודה זיין, אַז מיר האָבן באַדאַרפט שטאַרק קעמפן מיט זיך אַליין נישט אָנגעשטעקט צו ווערן מיט דעם געדאַנק, וואָס איז דאָ געוואָרן כמעט אַ כראָנישע איינבילדונג. עס האָט דאָ אַפילו נישט אויסגעהאַלטן דער באַוואוסטער תלמודישער כלל פון „חן מקום על יושביה" — אַז יעדער אָרט האָט אַ באַזונדערן חן און אָנציאונגס־קראַפט ביי זיינע איינ־

וואוינער. כ'האָב נאָך אין ערגעץ נישט
געפונען אַזאַ אָרט, וועמעס איינוואוינער
זאָלן האָבן פון אים אַזאַ שלעכטע מיי־
נונג, ווי דאָ אין האוואַנאַ. מיט וועמען
מען האָט גערעדט, האָט מען געהערט איין
נוסח: „אַה! דאָ אין האוואַנאַ וועט שוין
גאָרנישט זיין". מיר האָבן ממש ביי אַ
סך פון זיי זיך געמוזט בעטן זיי זאָלן
נישט פּרואוון אַזוי פאַר'סדום'עווען דאָס
אידישע האוואַנאַ. אָבער אַחוץ אַ פּאָר
געציילטע, וועלכע האָבן אפשר מורא גע־
האַט, אַז מען קען זיי באַשולדיקן אין זיין
די שולדיקע פון אַזאַ אַפּאַטיע צום היגן
געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָבן כמעט אַלע
ווי איינער אָפּגעזאָגט דאָס לעבן פון דער
אידישער צוקונפט אין האוואַנאַ אין דעם
העכערן גייסטיקן זין פון וואָרט. „האַ־
וואַנאַ איז אַ מדבר שממה", האָט עס גע־
הייסן און אַזוי וועט עס שוין בלייבן...

אָבער מיר, פּונקט ווי רבה בר בר חנא,
האָבן נישט געטראַכט אַזוי. ווייל אויב
דאָס איז אַ מדבר, טאָ וואָס טוען מיר
דאָ? איבעריקנס, היינט האָבן אידן באַ־
וויזן, אַז מען קאָן אין נגב אויך אויפ־
שטעלן ישובים... אמת, אַ סך האָבן אונז
פאַרשריגן פאַר פאַנטאַזיאָרן, בעלי גוזמא.
אָבער מיר האָבן נישט געקוקט אויף דעם
נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט, וואָס
זאָל באַשטעטיקן אונזער אויפפאַסונג, און
די געלעגנהייט איז געקומען אין גע־
שטאַלט פון דעם אידישן „סוחר'" (בלשון
רבים), וועלכער האָט דווקא יאָ אָנגעהויבן
צו באַגרייפן דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם
מאָדערנעם רבה בר בר חנא און באַשלאָסן
צו כאַפּן אַ שפּאַציר צוזאַמען...

און דאָ עפנט זיך אויף אַ גאַנץ ניי
פענסטערל אויפן אידישן האָריזאָנט דורך
וועלכן עס באַווייזט זיך די וואונדער־
ליכע מיסטעריעזע פּאַנאָראַמאַ, און
עס פּאַסירט, אַז דווקא דער פּראַקטישער
סוחר, וואָס האָט קיינמאָל זיך נישט
אָפּגעגעבן מיט הימל־זאַכן — דווקא ער
האָט דערזען דאָס ליכט, וואָס האָט באַ־
לויכטן דעם פּונקט, וואו עס איז מעגלעך
צו שאַפן די פאָרמולע, ווי אַזוי הימל
און ערד זאָלן זיך קענען פאַרשטיין און
זיך אַפילו צוזאַמענקומען. ווייל אויב מען
זאָל וועלן זיין אויפריכטיק, מוז אָנערקענט
ווערן דער פאַקט, אַז איינע פון די אור־
זאַכן פון דער אידישער גייסטיקער צו־
ריקגעשטאַנענקייט אין האוואַנאַ איז גע־
ווען, וואָס הימל און ערד, אַזוי צו זאָגן,
האָבן געפירט אַ שטענדיקן קאַמף צווישן
זיך און די ערד פלעגט כסדר איינשלינגען
דאָס שטיקל הימל, וואָס פלעגט זיך פון
מאָל צו מאָל באַווייזן איבער דעם האַ־
וואַנער אידישן האָריזאָנט. אָבער עס איז
אַ אַלטער כלל, אַז ערד, וואָס האָט איבער
זיך נישט קיין הימל, קאָן נישט זיין
פרוכטבאַר. די ערד קאָן זיך זיין ערד און
אַפילו גוטע ערד, אָבער אויב די זון
(*שמש צדקה*) שיינט נישט איבער איר;
אויב די ווינטן (רוחניות) בלאָזן נישט
אויף איר, און אויב דער רעגן (טל השמים)
באַנעצט זי נישט און באַפייכט זי נישט,
מוז זי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פינס־
טערער מדבר.

זענען געקומען פשוטע אידן, סוחרים,
פאָלקס־מענטשן, און האָבן אָנערקענט
דעם פשוטן אמת און אָנגעהויבן צו אַר־
בעטן, שווער צו אַרבעטן, אין דער ריכ־
טונג, און האָבן ב"ה דערלעבט דעם היינ־
טיקן טאָג, ווען זיי קאָנען מיט שטאָלץ
אין פריידיקע טרערן אָנווייזן אויף דעם
אָרט „היכי דנשקי ארעא ורקיעא", וואו
הימל און ערד קושן זיך ממש, וואו עס
ווערט געלייגט דער גרונטשטיין פאַר אַ
פּראַכטפולער הייליקער שול, וואו עס וועט
געהערט ווערן דאָס וואָרט פון ג־ט און
זיין תורה, וואו אידן וועלן קומען שעפּן
פון זייער אייביקן קוואַל און אַלט אוצר,
פון זייער אייביקן קוואַל און אַלטן אוצר,
בכדי אָפּצופרישן זייער נשמה און באַ־
נייען זייער גייסט. און אין דער זעלבער

צייט ווערט אויך געלייגט דער גרונט־שטיין פון דער גראַנדיעזער געביידע פאַר אַלע אַנדערע נויטיקע הצטרכותן פון דעם אידישן ישוב, וואו דאָס ציבור'שע לעבן וועט בכלל קריגן זיין תיקון.

אונזער „מעסעדזש" צו אייך, חשובע איניציאַטאָרן פון דעם היינטיקן יום טוב, און צו דער גאַנצער אידישער באַפעל־קערונג, איז: זאָל אייך דער הימל נישט פאַרלאָזן און אייך העלפן צו האָבן א זיכערן באָדן אונטער אייערע פיס... שוין עקט אייך נישט פאַר די, וואָס זאָגן, אַז דאָס איז אַ גוזמא, אַז איר האָט אפשר אינטערגענומען אַ צו שווערע זאַך. ניין, אויב דער הימל איז מיט אייך, קאָנט איר גיין אויף אַ זיכערן בריק. אויב עס קאָן זיך אייך אַמאָל דוכטן, אַז עס קאָסט צו טייער (דער קארב מיטן ברויט פאַר־שווינדט), איז דאָס אויך אויף אַ ווייל, ווייל סוף כל סוף וועט איר צוריקקריגן מער ווי איר האָט אַריינגעלייגט.

און עס ווילט זיך, צום סוף, ענדיקן מיט די ווערטער פון דוד המלך: „אבן מאסו הבונים". דעם היינטיקן שטיין, וועלכן אַ טייל האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען, „היתה לראש פינה" איז דאָך געוואָרן דער ווינקלשטיין פון, לאָמיר האָפן, אַ בליענדיק אידיש לעבן אין קובאַ. ווייל „מאת ד' היתה זאת". די השגחה עליונה האָט אַזוי געוואָלט, אַז „היא נפלאת", דאָס וואָס ביי אַנדערע איז גע־וועזן אַן איבערנאַטירלעכע זאַך, אַ גוזמא „בעינינו", דאָס האָבן מיר געזען פריער מיט אונזערע גייסטיקע אויגן און היינט, ב"ה מיט אונזערע פליישיקע אויגן.

אונזער תפילה ביי דעם מאָמענט איז, אַז דאָ זאָל געבויט ווערן אַ בנין, וואָס זאָל פאַרוואַנדלען דעם היינטיקן קוש אין אַ שטענדיקן „שלום בית", אין אַ בנין, וואו אַלע שיכטן פון אונזער קובאַנער אידנטום זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן ווי אידן; און זיי זאָלן באַהויכט ווערן מיט דעם אידישן אחריות געפיל, וואָס האָט אונזער פאָלק געהאַלטן צוזאַמען און אונז געשטאַרקט פאַר אַלע טויזנטער יאָרן פון אונזער קיום. און זאָל דער בנין זיין כאָטש אַ שטיקל נקמה אין אַלע אונזערע שונאים און אַ ברעקל טרייסט פאַר די אַלע אויסגעריסענע מיטן וואָרצל אידישע קהילות, וואו אידיש לעבן האָט געדייעט און געבליט. זאָל דאָ געבויט ווערן אַ בנין, דורך וועלכן עס זאָל געשטאַרקט ווערן די הענט פון די בויער און קעמפער פון אונזער הייליקער מדינה, פון וועלכער עס זאָלן אַרויסקומען קינדער גייסטיק אין פסיכאָלאָגיש גרייט איבערצונעמען די כּלינטן פון דעם אידישן לעבן סיי דאָ, סיי אין מדינת ישראל. זאָלן מיר דער־לעבן צו דעם חנוכת הבית פון דעם בנין און צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַלע אונזערע האָפנונגען, וואָס מיר לייגן אויף אים. און „שיבנה בית המקדש במהרה בימינו".

# די היסטאָריע פון די אידן אין קובא

(פאָרוואָרט)

שרייבן געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט מיט דורות צוריק, איז אַן אויפגאַבע פאַר געשיכטע - פאָרשער, וועלכע פאַרמאָגן אויסער אַ סך קענטעניש און ערודיציע אויך צייט און געדולד און זיי באַאַרבעטן זייער מאַטעריאַל אין פאַרלויף פון חדשים און אַפילו יאָרן, אויב נויטיק, ווייל צו קענען זיך דערגרונטעווען אין די אַלע עטאַפּן און פּאַסירונגען, וואָס זענען פאַר־לאָפן מיט הונדערטער יאָרן צוריק, און כדי אַרויסצושיילן פון דעם אַלעם אַן אמתן טאַלק, מוז מען כסדר זוכן און נישטערן, אין ביבליאָטעקן, אין אַרכיוון און אין אַלטע שמות. מען מוז סאָרטירן און שטוקעווען געפונענע שטיקלעך און ברעקלעך, ביז עס געלינגט צו באַשאַפן איין גאַנצע זאַך, איין שטיק געשיכטע פון אַ פאָלק און אַ עפּאָכע.

די עובדה פון אָנשרייבן אַ געשיכטע פון דעם לעבן און שאַפן פון די אידן, וואָס זענען געקומען קיין קובאַ אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, איז טאָפּלט שווער. די דעמאָלסטדיקע אידן האָבן נישט גע־האַט די מינדסטע מעגלעכקייט צו פאַר־צייכענען עפנטלעך מאָמענטן פון זייער לעבן — פריידיקע און טרויעריקע. די שוואַרצע האַנט פון דער אינקוויזיציע האָט זיי צו דעם ניט דערלאָזט. טאַרקוואַ־מאדאס געשפּענסט האָט זיי כסדר פאַר־פאָלגט און געהיט. די יעניקע, וועלכע זענען אין האַרצן פאַרבליבן אידן און האָבן אין געהיים, בחדרי חדרים, יאָ אָפּגעהיט זייער רעליגיע, האָבן זייערע מאָמענטן פון אידישן אויסלעבן זיך נישט געקאָנט פאַרצייכענען אָפן און פריי. דערפאַר זענען די עטלעכע קליינע עפּי־זאָדן וועגן וועלכע מען ווייסט יאָ, אויך איינגעהילט אין אַ טיפן שלייער און זייער אויטענטישקייט מוז געשטעלט ווערן אונ־טער אַ פראַגע־צייכן. געוויסע געפונענע שפּורן פון אידישקייט אין יענער צייט, ווי צום ביישפּיל, אַז די שטאָט באַיאַמאָ זאָל האָבן געגרינדעט געוואָרן פון אנוסים אָדער מאַראַנען, און אַז דעם נאָמען באַיאַמאָ האָבן די אידן געגעבן דער שטאָט אויס דאַנקבאַרקייט צו גאָט, ווייל ער האָט זיי אַרויסגעראַטעוועט פון גלות שפּאַניע און זיי איבערגעפירט קיין קובאַ. לאָזן זיך שיין אויסטייטשן, אָבער קאַווירן פאַר זייער אבסאָלוטער ריכטיקייט קאָן מען נישט.

נאַטירלעך האָבן די אידן אין יענע שווערע טעג געהאָפט, אַז אין קובאַ וועלן זיי געפינען די געגאַרטע פרייהייט צו דינען צו זייער אידישן גאָט. אַזוי ווי זיי האָבן אָבער מורא געהאַט אַרונטער־צוּוואַרפן די מאַסקע פון שמד גלייך ווי זיי זענען אָנגעקומען אין דעם נייעם לאַנד אַריין, און כדי נישט אויפצורייצן די שפּאַנישע מאַכט־האָבער, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט דעם געהיימניספולן נאָמען באַיאַמאָ, וועמענס ראשי תיבות האָט זיך געלייענט אַזוי:

ב(ברוך) א(אתה) י(יי) א(אלוקינו) מ(מתיר) א(אסורים). דאָס איז די טראַ־דיציאָנעלע אידישע ברכה וואָס מ׳זאָגט,

ווען מען ווערט ניצול פון אַ געפענגעניש
אָדער פון אַ געפאַנג־לאַגער.

אין דער אידישער איבערזעצונג הייסט
דאָס:

„געלויבט ביסטו, אונזער ג־ט, וואָס דו
באַפרייסט געפאַנגענע״.

אַזעלכע און ענלעכע שפּורן און אָנ־
דייטונגען פון אַמאָליקן אידישן לעבן
געפינען מיר גענוג. צום באַדויערן זענען
זיי, ווי שוין אָנגעמערקט, נישט מער ווי
ה ש ע ר ו ת און עס איז כמעט אוממעג־
לעך פעסטצושטעלן, צי זיי האָבן ווען
עס איז עקזיסטירט. עס פעלט אונז יע־
דער שפּור פון אַן אָרגאַניזירט, איינהייט־
לעך אידיש לעבן. מיר פאַרמאָגן נישט
קיין פּראָטאָקאָלן, קיין שפּור פון אַ שול,
אַ מקום קדוש, וואָס זאָל האָבן עקזיס־
טירט, אַ בית עלמין. דער איינציקער
זכר, וואָס איז יאָ איבערגעבליבן פון יע־
נער „אידישער״ עפּאָכע, זענען די העב־
רייאישע ערשטע נעמען, וואָס אַ סך
היינטיקע קריסטן טראָגן, ווי, צום ביי־
שפּיל, מאָיסעס (משה), עזעקיעל
(יחזקאל), איסראַעל (ישראל), גאַבריעל
(גבריאל), מיגעל (מיכאל), אַראָן (אהרן),
אַבראַהאַם (אברהם), איסאַאיאַס (ישעיה)
א. אַנד. אויך פרויען טראָגן ביים היינ־
טיקן טאָג אַ סך העברייאישע פאַרנעמען:
אסתר, רעבעקאַ, ראַקעל, סאַראַ, א. אַנד.
דאָס זענען זיכער די אור־איינציקלעך פון
די אַמאָליקע אידן, וועלכע האָבן זיך מיט
דער צייט אויסגעמישט מיט דער קריסט־
לעכער באַפעלקערונג און פולשטענדיק
זיך אָפּגעריסן פונם אידישן וואָרצל.

צום באַדויערן פאַרמאָגן מיר נישט
אינם היגן ישוב קיין ריכטיקן שטאָב פון
געשיכטע־פאָרשער, וואָס זאָלן קאָנען
נאָכגיין די אַלע קליינע, ווייניק פאַרבלי־
בענע שפּורן פון אַן אַמאָליק אידיש לעבן,
האָבן מיר זיך דערפאַר געמוזט באַנוגענען
מיט די פאַראַנענע מאַטעריאַלן, וואָס
מיר האָבן געזאַמלט פון פאַרשידענע
קוואַלן.

דאַקעגן האָבן מיר אָפּגעגעבן אַ בריי־
טערן פּלאַץ פאַר דער געשיכטע פון אונ־
זערע טעג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בערך
אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט.
ווייל פאַר דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט
האָבן מיר שוין באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ
היפּש ביסל מאַטעריאַלן פון דאָקומענטן,
צייטונגען, צייט־שריפטן, פּראָטאָקאָלן פון
פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענקונפטן. פון
דעם אַלעם קען מען שוין מער־ווייניק
אויפמאָלן אַ בילד פון דעם אידישן גע־
זעלשאַפטלעכן לעבן פאַר די לעצטע עט־
לעכע צענדליק יאָר, ביז אונזערע טעג.
אַ סך האָט אונז מיטגעהאָלפן דער גע־
זאַמלטער מאַטעריאַל פון דר. באָריס סאַ־
פיר, געדרוקט אין אַ בראָשור פאָרם
אין דער ענגלישער שפּראַך. מיר ווילן
אויך ביי דער געלעגנהייט נישט פאַר־
געסן אויסדריקן אַ דאַנק די אָנגעזעענע
היגע אידישע פּעדאַגאָגן, דראַ. אידאַ
גלעזער־קאַסטיעל און דר. דיאָניסיאָ קאַס־
טיעל. דער לעצטער איז אַ באַקאַנטער
אידישער אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלע־
כער טוער. זייער ביישטייער פון אייניקע
מאַטעריאַלן און איבערזעצונגען האָבן
אונז אַ סך פאַרלייכטערט דאָס צוזאַמענ־
שטעלן אונזער אַרבעט אין אַ כראָנאָלאָ־
גישער פאָרם.

די רעדאַקציע

# די ערשטע אידישע אימיגראַנטן

די געשיכטע פון די אידן אין קובאַ איז ענלעך צו דער געשיכטע פון די אידן אין גאַנץ לאַטיין אַמעריקע. זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער ערשטער פאַזע פון דער שפּאַנישער אַריינדרינגונג אין לאַטיין אַמעריקע, מיט דער ערשטער פאַרכאַפּונג פון אַמעריקאַנער טעריטאָריע מצד די ווייסע יחסנים פון אייראָפּע.

עס איז אַ פאַקט, וואָס האָט זיך איבערגעחזרט כמעט אין יעדן לאַנד פון לאַטיין אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, אַז צו־זאַמען מיט די שפּאַנישע „קאָנקיסטאַדאָ־רעס", מיט די שימערירנדיקע צלמים אויף זייערע ברוסטן, זענען מיטגעקומען אידן: טייל פון די דאָזיקע אידן זענען געווען געשמדטע, אָוועקגעגאַנגענע פונם אידישן פאָלק אויף שטענדיק. טייל פון זיי, אָבער, זענען געווען טראַר־משומדים, אַזעלכע וואָס האָבן זיך געשמדט לפנים וועגן, אויס מורא פאַר דער אינקוויזיציע, וועלכע זענען אין האַרצן פאַרבליבן גע־טרייע זין פון אידישן פאָלק און פון אידישן גאָט.

די דאָזיקע אידן ווערן אין אונזער גע־שיכטע אָנגערופן **מאַראַנען** אָדער **אַנו־סים**, ווייל זיי זענען געווען געצוואונגען צו לעבן מיט אַ שטענדיקער מאַסקע אויפן פּנים. אויבן אויף האָבן זיי געמוזט שפּילן די ראָלע פון גוטע קריסטן, פון פרומע קאַטאָליקן, אָבער אין געהיים, אין די פאַרבאָרגענע ווינקלען פון זייערע היימען, אין טיפע קעלערן, האָב זיי אָפּגעהיט די אידישע תפילות און אידישע דינים און מנהגים. ווען דאָס שאַרפע אויג פון דער אינקוויזיציע האָט אַזאַ איינעם געכאַפּט, האָט מען מיט אים נישט געמאַכט קיין לאַנגע צערעמאָניעס. דער קרבן האָט גע־פונען זיין תיקון אין די פלאַמען פון דער קאַטוילישער קירך.

דאָס איז פאָרגעקומען סיי אין שפּאַ־ניע, סיי דאָרט, וואו זי האָט פאַרפלאַנצט איר הערשאַפט. קובאַ איז אין דעם פּרט נישט געווען קיין אויסנאַם.

לויט געשיכטלעכע מאַטעריאַלן האָט זיך די געשיכטע פון די אידן אין קובאַ אָנגעהויבן מיט קאָלאָמבוסעס באַטרעטן דעם קובאַנישן באָדן, דעם 27־טן אָקטאָ־בער 1492. עס זענען פאַראַן דאָקומענטן, וואָס באַווייזן, אַז דעם 2־טן נאָוועמבער 1492, האָט קאָלאָמבוס געשיקט איינעם פון זיינע מענטשן, וועלכער איז צוזאַמען מיט אים געקומען אין דעם לאַנד, וואָס מיר רופן היינט קובאַ, מיט נאָך איינעם, אויסצוגעפינען אינפאָרמאַציע וועגן די איינוואוינער פון דעם נייעם און טשי־קאַוון לאַנד. דער מאַן, לואיס דע טאָררעס, איז געווען אַ געבילדעטער מאַן. ער האָט גערעדט אַ סך שפּראַכן, צווישן זיי העב־רייאיש און אַראַמיש. קאָלאָמבוס האָט אים כסדר געהאַלטן לעבן זיך. ער האָט אים געדאַרפט האָבן אַלס איבערזעצער אויף זיינע לאַנגע אָוואַנטוריסטישע ריי־זעס.

דער דאָזיקער לואיס דע טאָררעס איז געווען אַ געשמדטער איד, וועלכער האָט, אויס מורא צי אויס איבערצייגונג, אָנגע־נומען דעם קאַטוילישן גלויבן.

אויב לואיס דע טאָררעס איז געווען דער ערשטער איד אין קובאַ אין יענע היסטאָרישע טעג, איז ער אָבער נישט גע־ווען דער איינציקער. אַזוי שנעל ווי די טעריטאָריע פון דעם שיינעם אינזל איז דערקלערט געוואָרן אַלס דאָס אייגנטום פון דער שפּאַנישער קרוין, האָבן אָן אַ שיעור אָוואַנטוריסטן פון אייראָפּע זיך אַ לאָז געטאָן אין דעם נייעם לאַנד אַריין, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט יעדער ניי־איינגענומענער טעריטאָריע. די סיבה איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע. יעדע נייע טעריטאָריע האָט געמאַניעט די געלט

גיריקע אייראָפּייער מיט אירע ניט־
עקספּלואַטירטע רייכטימער, דער עיקר
מאַקע — מיט גאָלד! עס האָבן זיך שוין
געהאַט דערטראָגן קלאַנגען, וואָס האָבן
דערגרייכט אין אַלע ווינקלען פון אייראָ־
פּע, אַז אין די איינגענומענע לענדער
בלענדט עס פּשוט פאַר די אויגן פון די
זשמעניעס גאָלד, וועמעס ווערט די איינ־
געבוירענע הויבן נישט אָן צו וויסן.

צווישן די אָנגעפאַרענע האָבן זיך אויך
געפונען אַ צאָל אידן. אייניקע פון זיי
זענען, פונקט ווי זייערע קריסטלעכע
קאָמפּאַטריאָטן, געלאָפן זוכן דעם געלן
מעטאַל. אַנדערע ווידער, האָבן אויסגע־
נוצט די געלעגנהייט זיך אַרויסצוכאַפּן פון
זייער געבוירן־לאַנד, כדי צו דערווערבן
רעליגיעזע פרייהייט, כדי צו קענען דינען
דעם גאָט פון זייערע אבות, פריי און
אומגעשטערט. אין דעם נייעם לאַנד, האָבן
זיי געחלומט, וועט זיי דאָס אויג פון
דער שרעקלעכער אינקוויזיציע נישט אַזוי
פייניקן מיט דער אייביקער מורא, אין
זיי וועלן ווידער קאָנען ווערן דאָס, וואָס
זיי זענען — אידן, אמתע אידן, וואָס די־
נען זייער גאָט אָפן און אומגעשטערט.

די דאָזיקע מענטשן האָבן שנעל אויס־
געפונען, אַז צו פריי וועלן זיי אין די נייע
לענדער אויך נישט קענען זיין; אַז דער
צלם איז צו שטאַרק. ווייל צוזאַמען מיט
די מיליטערישע אַריינדרינגער זענען אַלע־
מאָל מיטגעקומען רעליגיעזע פאַנאַטיקער.
שליחים פון דער אינקוויזיציע, כדי צו
באַקערן די נייע אונטערטאַנען פון שפּאַ־
נישן קעניג, די אינדיאַנער, צום „אמתן"
גלויבן, צום קאַטאָליציזם. במילא האָבן
שוין די דאָזיקע שליחים געהאַלטן אַן
אויג אויך אויף זייערע אייגענע אָנגע־
פאַרענע „קאָמפּאַטריאָטן", און עס איז
ווידעראַמאָל נויטיק געווען צו פאַרבאָרגן
די אמונה און דינען דעם אידישן גאָט
הינטער פאַרריגלטע טירן און אייזערנע
שלעסער.

פונדעסטוועגן דערציילט די געשיכטע,
אַז ביזן יאָר 1520, דאָס הייסט קנאַפּע
דרייסיק יאָר נאָך קאָלאָמבוסעס אַנטדעקן
קובאַ, האָבן זיך די אידן (קיינער ווייסט
נישט די גענויע צאָל), דאָרט געלעבט
רואיק. נאָכדעם האָט די אינקוויזיציע זיך
אָנגעהויבן צו צופירן די הענט און עס
האָבן אָנגעהויבן פאַלן די ערשטע קרבנות.
צווישן זיי אַ גרופּע פרויען, וועלכע האָבן
אַרויסגעוויזן פעסטן ווילן צו בלייבן ביי
זייער אידישן אָפּשטאַם.

די „הייליקע" האַנט פו דער אינקווי־
זיציע האָט געבושעוועט, אַמאָל מער און
אַמאָל ווייניקער, די גאַנצע צייט, וואָס
מאַדריד האָט געהאַלטן קובאַ אונטער איר
יאָך. צווישן די, וואָס זענען אומגעקומען
אויף די שייטערהויפנס, האָבן זיך געפו־
נען באַהאַלטענע אידן פון אַלע געזעל־
שאַפטלעכע שטאַפּלען: אָרימע און רייכע,
פּשוטע מענטשן פון פאָלק און אַזעלכע,
וועלכע האָבן געהאַט דערגרייכט הויכע
פּאָליטישע און פינאַנציעלע פּאָזיציעס.
דאָס „הייליקע" פייער פון פאַנאַטיזם איז
געווען „דעמאָקראַטיש" און עס האָט
נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן
אָרים און רייך, צווישן מאַן און פרוי און
קינד. עס האָט פאַרצוקט יעדן איינעם ביי
וועמען דער צלם איז געווען טמא, אָדער
וואָס האָט פאַרדעקט דעם אמתן גלויבן.

עס זענען נישט פאַראַן קיין סך ידיעות
וועגן די געמשפּטע, וואָס זענען אַריינגע־
פאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע;
ווייל די קובאַנער אַרכיוון זענען נאָך
דערוויל ניט גענוג געשטודירט געוואָרן.
דער ערשטער אינקוויזיטאָרישער משפּט
וואָס איז באַקאַנט, איז געווען איבער
פראַנציסקאָ גאָמעז דע לעאָן, אין האַ־
וואַנאַ. מ'האָט אים הינגעריכטעט און
קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן, וואָס איז באַ־
שטאַנען פון 149.000 דאָלאַר. אַרום דעם
יאָר 1627 האָבן די אינקוויזיטאָרן פון
האַוואַנאַ אַרעסטירט אייניקע אייננוואוי־

נער פון דער הויפטשטאָט, פאַרבאַהאַלטענע אידן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַנטאָניאָ מענדעז און לואיס ראָדריגעז. אייניקע יאָר שפּעטער זענען באַשולדיקט געוואָרן אויפן זעלבן חשד עטלעכע פון די סאַמע רייכסטע איינוואוינער פון דער שטאָט, צווישן זיי בלאַס פּינטאָ, כואַן ראָדריגעז מעסאַ און פראַנציסקאָ ראָדריגעז דע סאָליס. מ׳האָט זיי געמשפּט און אַרויפגעלייגט א געלט שטראָף פון 150.000 דאָלער, אויסער אַנדערע שטראָפן. מער וויניקער אין יענער צייט טרעפן מיר אויך אַנדערע נעמען צווישן די קרבנות פון דער אינקוויזיציע אין הוואַנאַ: לואיס מענדעז טשאַוועס, לואיס גאָמעז באַררעטאָ און מאַנועל אַלוואַרעז פּריעטאָ.

די אינקוויזיטאָרישע פאַרפאָלגונגען אויף אידן האָבן זיך אין די שפּעטערדיקע צענדליקער יאָר נאָך מער פאַרשטאַרקט. און א סך אידן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון לאַנד און זוכן שוץ אין די אַנטיליען אינזלען, ביז די פּאָרטוגעזישע עראָבערונג פון בראַזיל האָט זיי אַראָפּגעטריבן פון דאָרט. אויך נאָך פון פריער האָבן א סך געשמדטע אידן, אָדער די פאַרשטעלטע קריסטן, זיך פאַרנומען מיט צוקער־פּלאַנטאַציעס, וואָס עס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע רייכטימער קוואַלן אין די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס אין יענער צייט. די אידן זענען עס געווען די, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט דאָס קולטיווירן פון צוקער קאַניע אין מאַרטיניקאַ און קובאַ, הגם אָפיציעל איז עס צוגעשריבן די פּאָרטוגעזן. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מ׳האָט פאַרפאָלגט די נייע קריסטן אין די קאָלאָניעס, האָט מען פונדעסטוועגן טאָלערירט די אַלע, וואָס האָבן ענטוויקלט די רייכטימער פון לאַנד.

די ערשטע אידיש פּאָרטוגעזישע אימיגראַנטן, וואָס זענען געפאָרן קיין ניו־יאָרק אין 1654־טן יאָר, זענען צייטווייליק אָפּגעשטאַנען אין קובאַ, נאָענט צו קאַבאָ סאַן אַנטאָניאָ.

פון דער זעלבער וויכטיקייט, כדי צו קענען די אידישע אַקטיוויטעטן אין קובאַ, ווי דאָס קולטיווירן פון צוקער־קאַניע, זענען אויך געווען די קאָמערציעלע פאַרבינדונגען מיט די שכנותדיקע אינזלען, ווי כאַמאַיקאַ, קוראַזאַאָ און אַנדערע, וואו עס האָבן דאַן עקזיסטירט געמיינדעס פון אַנוסים, וואָס האָבן געדינט אַלס א שטיץ־פּונקט צו א נעץ פון קאָמערץ און עקספּאָרט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט ביז לאָנדאָן, אַמסטערדאַם און האַמבורג.

א גרויסער און וויכטיקער טייל פון אייראָפּייאישן האַנדל מיט די אַנטיליען האָט זיך געפונען אין די אידישע הענט. עס איז מעגלעך, אַז די אַנטיליאַנישע פּיראַטן, וואָס האָבן געפירט א רויבער מלחמה קעגן שפּאַניע און אירע ים־וועגן, פלעגן זיך באַזאָרגן מיט פּראָוויזיעס אין די אידישע געשעפטן.

די קובאַנער אינקוויזיציע האָט געדויערט ביז סוף פון דעם 18־טן יאָרהונדערט, ווי עס באַווייזן עס די געריכטס־אָנקלאַגעס, וואָס זענען געפירט געוואָרן איבער דעם פּאָרטוגעזישן איד וויצענטע גאָמעז קאָעיאָ אין 1680; יאַקאָב נוניעז לאָפּעז אין 1712; דער גלח כאָסע דיעז פּימיענטאַ; כואַן ראָדריגעז מעכיאַ; אַנטאָניאָ סאַנטאַעיאַ אין 1783, און א סך אַנדערע.

צוגלייך ווי אין די מערסטע אַמעריקאַנער לענדער אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט, האָט די מעטראָפּאָליע געהאַט דעם מאָנאָפּאָל איבער דער קאָמערץ און האָט ניט דערלאָזט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון אירע קאָלאָניעס דורך דעם פאַרבאָט פון דעם פרייען האַנדל. זיי האָבן ניט געטאָרט פירן קיין קאָמערציעלן פאַרקער אויסער מיט דער מעטראָפּאָליע, מיט שפּאַניע. פון דעם 16־טן יאָרהונדערט אָן איז די באַזע פון די קובאַנער

רייכטימער שוין מער ניט געווען דער
שפּאַנישער האַנדל, נאָר הויפּטזעכלעך
דער אומלעגאַלער האַנדל, דער קאָנטראַ־
באַנד, אין וועלכן די אידן האָבן געשפּילט
אַן אָנגעזעענע ראָל. אין דעם יאָר 1762,
ווען די ענגלענדער האָבן איינגענומען
האַוואַנאַ, האָבן זיי אויפגעוויזן די גרויסע
נאַטירלעכע אוצרות פון קובאַ און די
גרויסע קאָמערציעלע מעגלעכקייטן. אין
אין יאָר 1764 האָבן די שפּאַניאָלן אַליין
מאָדיפיצירט דעם מאָנאָפּאָל סיסטעם.

בעת דער באַלאַגערונג פון האַוואַנאַ
דורך די ענגלענדער, האָבן אייניקע אידן
אויך געשפּילט אַ ראָל. דער ענגלישער
אַדמיראַל ווערנאָן, אין זיין קובאַנער
עקספּעדיציע, האָט אָנגעשטעלט אַ איד
אַלס איבערזעצער. דער איד יאַקאָב פראַנק
האָט באַשפּייזט די זעלנער טרופּן פון
דעם אַדמיראַל פּאָקאָק.

ריטשאַרד דאַווי האָט געזאָגט אין
„קובאַ פּאַסט ענד פּרעזענט 1898":

„אין קובאַ זענען געווען פאַר דער
באַפרייאונגס קריג, מער ווייניקער, 500
אידן — די מערסטע פון שפּאַנישער
אָפּשטאַמונג — און זיי האָבן זיך פאַר־
נומען מיט האַנדל. פינף אָדער זעקס פאַ־
מיליעס זענען געווען זייער רייך און גע־
שעצט, אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן אין
גאַנצן אָפּגעזונדערט".

עס איז פונדעסטוועגן שווער פעסט־
צושטעלן די צאָל אידישע פאַמיליעס,
וואָס האָבן זיך געפונען אין קובאַ אין
דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. זייענדיק כסדר
פאַרפאָלגט דורך דעם טעראָר פון דער
אינקוויזיציע, און אויך אין אַ געוויסער
מאָס צוליב דער סביבה אין אַלגעמיין,
האָבן זיך די קובאַנער אידן אויסגעמישט
מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און
מיט דער צייט זענען אָפּגעווישט געוואָרן
די שפּורן פון זייער אידישן אָפּשטאַם.

עס זענען נאָך אָבער אַפילו ביזן 19־טן
יאָרהונדערט פאַרבליבן אייניקע פאַמי־
ליעס, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן די טראַ־
דיציעס פון זייער פאָלק, נישט קוקנדיק
אויף די צרות און פאַרפאָלגונגען פון דער
אינקוויזיציע, ווי עס איז צום ביישפּיל
דער פאַקט מיט דער באַרימטער אַקטרי־
סע און דיכטערין דאָלאָרעס דע דיאָס
פּאָרטאַ, וועלכע איז געווען געשעצט און
געאַכט אין אַלע הויף אַריסטאָקראַטישע
קרייזן פון דער קאַטוילישער געזעלשאַפט
אין קובאַ. שוין דער נאָמען אירער, דאָ־
לאָרעס דע דיאָס, האָט אָנגעדייט אויף
דער „ריינקייט" פון איר קאַטוילישן
אָפּשטאַם. פונדעסטוועגן איז איר דאָס
אַלץ נמאס געוואָרן און זי האָט זיך באַ־
זעצט אין פּאַריז, וואו זי האָט געלעבט
אַלס אידישע און איז געשטאָרבן אין יאָר
1869 אַלס גלויביקע אין אידישן גאָט.

אוודאי זענען די מאַראַנען פון קובאַ
געקומען אין קאָנטאַקט מיט אידן פון אַנ־
דערע לענדער, דורך האַנדל, אָבער נישט
אַלס אידן, נאָר אַלס שפּאַניער אָדער קו־
באַנער. זיי איז אויסגעקומען צו האַנדלען
מיט אידן פון ענגלאַנד און האָלאַנד, און
אויך מיט אידן פון נאָענטן מזרח. קיי־
נער האָט אָבער נישט געטאָרט וויסן, אַז
דער רעספּעקטפולער סעניאָר מיט דעם
אויסערלעך־שפּאַנישן פּוץ און אָנשטעל,
איז אין דער אמתן אַ באַהאַלטענער איד,
אַ מאַראַן, וועלכער איז זיך מוסר נפש
פאַר דער רעליגיע פון זיינע עלטערן און
זיידעס. ווייל זיי האָבן דאָך קיינמאָל
נישט געקאָנט וויסן וועמען צו געטרויען.
האָבן זיי אַלס סוחרים געלעבט אַ נאָרמאַל
לעבן, אַ לעבן פון פאַרדינען געלט און
פאַרלירן געלט, ווי עס איז אויסגעקומען.
אָבער גייסטיק און טראַדיציאָנעל זענען
זיי פאַרבליבן אָפּגעשלאָסן פון דער אוי־
סערלעכער אידישער וועלט.

די ערשטע אידן פון דער נייער וועלט,
וואָס זענען געקומען קיין קובאַ, אויסער
שפּאַניע, זענען געווען — אידן פון צפון
אַמעריקע. דאָס זענען געווען מערסטנ־

טייל מיליטערישע אוואַנטוריסטן, וועלכע זענען מיטגעקומען מיט די פאַרשידענע מיליטערישע עקספּעדיציעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די שפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה, וועלכע איז אָפיציעל אויסגעבראָכן געוואָרן אין די יאָרן 1898-99, האָט זיך אין דער אמתן אָנגעהויבן אַ סך פריער. עס איז, למשל, פאַרצייכנט, אַז אַזוי פרי ווי אין יאָר 1850 איז אַן אַמעריקאַנער איד מיטן נאָמען אויגוסט באַנדי אויסגעשטיגן אין קובאַ, צוזאַמען מיט אַ געהיימער מיליטערישער עקספּעדיציע. מיט זעקס יאָר שפּעטער, אין 1856, איז אַן אַנדערער איד, לואיס שלעזינגער, געווען אין קובאַ מיט דעם באַרימטן אַמעריקאַנער אוואַנטוריסט וואַקער אין אַ מיליטערישער שליחות. אַנדערע אידן פון אַמעריקע זענען געקומען ווי סוחרים, און גאָר אַנדערע זענען געווען סאָלדאַטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און זיי האָבן אַ חלק אין דער באַפרייאונג פון קובאַ פון דעם שפּאַנישן יאָך.

אַנדערע אידישע נעמען, וואָס זענען באַרימט געווען אין דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער מלחמה, און וועלכע מעגן רעספּעקטירט ווערן פון יעדן קובאַנישן פּאַטריאָט, זענען: דער לעגענדאַרער גענעראַל ראַלאָף, אָדער ווי זיי אמתער נאָמען איז געווען: עקיבא ראַלאַנד, אַ געבוירענער אין פּוילן; קאַפּיטאַן קאַמינסקי, פון פלאָרידאַ; איינער מיטן נאָמען שוואַרץ, וועלכער איז געווען דער אַדיוטאַנט, אָדער געהילף, פון די קובאַנער פרייהייטסקעמפער, גענעראַל קאַליקסטאָ גאַרסיאַ און האַראַסיאָ רובענס. אויך אייניקע מיט די נעמען שטיינבערג, שטיינהאַרט און ד. גל. עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז דער אונטער־אָפיציר פראַנק שטיינהאַרט איז שפּעטער געוואָרן דער פּרעזידענט פון דער קאָמפּאַניע פון טראַמווייען אין האַוואַנאַ.

צו די דאָזיקע אידן זענען שפּעטער צוגעקומען נאָך אייניקע אידן פון אויסלאַנד, פאַרטרעטער פון דער פירמע ראָטשילד, פון דער פירמע קאַפּענבורג א. אנד. פון וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסצושיילן אַ שטיקל אידיש לעבן, אמת — אַ אידיש לעבן פון דעם האַלב־אַסימילירטן שניט, אָבער דאָך איז עס געווען אַן אָנדייט פאַר אידישקייט. אויב די אידישע שפּראַך איז זיי אין מערסטנטייל געווען פרעמד, האָבן זיי אָבער אָפּגעהיט די אידישע ימים טובים, דער עיקר די ימים נוראים. עס איז ווערט צו געדענקען, אַז דאָס איז שוין פאָרגעקומען נאָך דער געוואונענער פרייהייט פאַרן קובאַנער פאָלק און רעליגיעזע פרייהייט פאַר יעדן איינעם איז געווען גאַזיכערט.

אין יענער צייט, אין יאָר 1904, איז געגרינדעט געוואָרן אין קובאַ, אין דער שטאָט האַוואַנאַ, די יונייטיד היברו קאָנגרעגיישאָן, וואָס האָט געדינט אי אַלס אַ בית הכנסת, אי אַלס אַ שטיקל צענטער זיך צוזאַמענצוקומען. מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1906, איז געקויפט געוואָרן דער פלאַץ פאַר דעם ערשטן אידישן בית החיים אין גואַנאַבאַקאַ, וואָס ווערט נאָך גענוצט ביזן היינטיקן טאָג.

די צווייטע גרופּע אידן זיך צו באַזעצן אין קובאַ, זענען געווען די ספרדים, וועלכע האָבן אַהער איינגעוואַנדערט פון די באַלקאַנישע און אַראַבישע לענדער: טערקיי, סיריע, בולגאַריע א. אנד. די ערשטע שוואַלבן פון זיי האָבן אָנגעהויבן קומען אין 1904. גרעסערע צאָלן זענען געקומען אין 1907, ווען זיי האָבן פאָרמירט זייערע ערשטע אייגנאַרטיקע גרופּעס אידן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, אין יאָר 1914, האָבן זיי געגרינדעט זייער ערשטע חברה אונטערן נאָמען „שבת אחים", וואָס עקזיסטירט נאָך ביזן היינטיקן טאָג. די דאָזיקע גרופּע אידן שטעלט דעם טראָפּ אויף רעליגיעזער אַקטיוויטעט. זייער שפּראַך

איז שפּאַניש, און זיי האָבן מערסטנטייל
געלעבט צווישן זיך, אָפּגעזונדערט פון די
אַמעריקאַנער אידן, וועלכע האָבן זיך
אויסגעלעבט אין דער ענגלישער שפּראַך.
זיי האָבן געהאַט זייערע אייגענע קינדער־
שולן, האָבן זיך משדך געווען צווישן זיך
און בכלל זיך געהאַלטן פונדערווייטנס
פון אַלע אַנדערע גלויבנס־ברידער, צו
וועלכע זיי האָבן נישט געהאַט קיין צו־
טרוי. די דאָזיקע לאַגע האָט אָנגעהאַלטן
ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די אימי־
גראַציע פון די מזרח־אייראָפּייאישע אידן
אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן.

די לעצטע האָבן מיט זיך פאַרגע־
שטעלט אַ פּאַטעטיש בילד. געלאָפענע
פון דעם צאַרס פּאָגראָמען, נאָכדעם פון
די פּוילישע פּאָגראָמען, זענען זיי געקו־
מען קיין קובאַ אָרימע און עלנטע. זיי
זענען געווען געצוואונגען אָנצוהויבן פון
די סאַמע עלעמענטאַרסטע מיטלען זיך צו־
דערנערן. אין אָנפאַנג האָט זיך די גרופּע
אויך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון די אַנ־
דערע צוויי גרופּעס אידן, צוליב שפּראַך־
פרעמדקייט און צוליב דעם ווייל זיי זע־
נען געווען פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן
אַ שטיקל חיונה. ביסלעכווייז אָבער האָט
דאָס אייז זיך אָנגעהויבן ברעכן. די מזרח־
אייראָפּייאישע אידן האָבן זיך אויסגע־
לערנט די לאַנד־שפּראַך. זיי האָבן אָנגע־
הויבן דערוווערבן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס,
און אַזוי אַרום קומען אין קאָנטאַקט מיט
אַנדערע סוחרים, אויך מיט זייערע ספר־
דישע גלויבנס־ברידער. מען האָט ביס־
לעכווייז זיך אָנגעהויבן צו דערקענען, צו
האָבן צו זיך צוטרוי, און ביים היינטיקן
טאָג איז עס שוין נישט קיין נייעס צו
זען מזרח־אייראָפּייאישע אידן מיט ספר־
דישע אידן אַרבעטן צוזאַמען פאַר טייל
געזעלשאַפטלעכע צוועקן, דער עיקר פאַר
ציון, ווי אויך פאַר פילאַנטראָפּישע
צוועקן. עס קומט שוין אפילו פון צייט
צו צייט פאַר אַ שידוך צווישן אַ ספרדי־
פאַמיליע און אַ פאַמיליע פון מזרח־
אייראָפּע.

## דער אויפקום פון אידישן ישוב

עס איז ניטאָ קיין שום המשך פון
יענע אידן פון קאָלאָמבוסעס צייטן און
דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע ביז די איצטיקע
אידן, די אידן וואָס האָבן אָנגעפאַנגען
אַריינדרינגען אין לאַנד אין אָנפאַנג פון
דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. יענע
אידן אין קובאַ פון אַמאָל געהערן —
אַזוי צו זאָגן — צום פּרע־היסטאָרישן
פּעריאָד. די געשיכטע פון דעם אידישן
ישוב אין קובאַ, ווי די געשיכטע פון אַ
באַשטימטן סאָציאַלן אָרגאַניזם, הויבט זיך
אָן מיטן אָנקומען פון אַ קאָמפּאַקטער
גרופּע אימיגראַנטן פון מזרח אייראָפּע.
און דאָס איז געשען ערשט נאָך דער
ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן
1921־1923, און דער עיקר אין די יאָרן
1924 ביז 1929.

אמת, ביז אָט די דאַטעס זענען אויך
געווען אין קובאַ אידן, וואָס זיי זענען
שפּעטער געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון
ישוב. סוף 19־טן יאָרהונדערט האָבן זיך
באַזעצט אין קובאַ אַ צאָל אידישע משפּ־
חות פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פון
פלאָרידאַ. דאָס זענען ס׳רוב געווען עמי־
גראַנטן פון רומעניע, וואָס האָבן פריער
זיך געהאַט נאַטוראַליזירט אין די שטאַטן.
קיין קובאַ זענען זיי געקומען מחמת די
געשעפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן דעם
אינזל און דעם דערבייאיקן דרום־ברעג
פון קאָנטינענט. זכרונות און דערמאָנונ־
גען אין דער ליטעראַטור ווייזן אויף, אַז
אידן אין טאַמפּאַ און קי־וועסט האָבן גע־
שפּילט אַ ראָלע אין דער קובאַנער באַ־
פרייאונגס־באַוועגונג. אידן האָבן באַזונ־

דער געהאָלפֿן דעם פֿירער פֿון דער באַ־
פֿרייאונגס־באַוועגונג, כאָסע מאַרטי. אין
אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט זענען אין
האַוואַנאַ געווען אַן ערך 30 אידישע מש־
פּחות. אין 1904 האָבן זיי זיך פֿאַריי־
ניקט אין אַ „יונייטעד היברו קאָנגרעגיי־
שאָן“, און אין 1906 האָבן זיי געקויפֿט
אין גואַנאַבאַקאָאַ אַ שטיק ערד פֿאַר אַ
בית־עולם, וואָס פֿונקציאָנירט נאָך איצט.

אין 1904 באַווייזן זיך אין קובאַ די
ערשטע ספֿרדים. זיי שטאַמען מערסטנס
פֿון טערקיי. זייער צאָל איז ביז 1907
געווען זייער קליין. אין 1910 זענען שוין
געווען עטלעכע הונדערט ספֿרדים. אין די
יאָר 1910־1913 קומען פֿון מעקסיקע אַ
היפּשע צאָל ספֿרדים. די פּאָליטישע אומ־
אָרדענונגען האָבן זיי געבראַכט פֿון מעק־
סיקע קיין קובאַ. אויך ווערט גרעסער די
צאָל ספֿרדים, וואָס קומען דירעקט פֿון
טערקיי, גריכנלאַנד און סיריע. אין 1914
האָבן די ספֿרדים געשאַפֿן די אָרגאַניזאַ־
ציע „שבת אחים“. זי שיידט זיך אונטער
פֿון דער פֿריער געשאַפֿענער „יונייטעד
היברו קאָנגרעגיישאָן“ מיט דעם, וואָס זי
האָט אויך אינזינען קעגנזייטיקע הילף,
ניט בלויז רעליגיעזע פֿונקציעס. די ספֿר־
דים זענען געווען העכער טויזנט, אַ סך
מער איידער די אַמעריקאַנער אשכנזים,
און זיי האָבן געהאַט אַ מער פֿאָלקישן
כאַראַקטער. ס׳רוב זענען עס געווען מאַ־
טעריעל ניט קיין איינגעאָרדנטע עלע־
מענטן. זיי זענען אויך געווען מער גע־
בונדן מיט דער אידישער טראַדיציע ווי
די אידן פֿון אַמעריקע.

ווען מען האָט אינזינען דעם איצטיקן
ישוב, זענען עס נאָר פֿאַר־היסטאָרישע
צייטן. אָבער שוין דעמאָלט האָבן מיר
אַזעלכע אַרויסטרעטונגען, וואָס פֿאַרמאָגן
אַ בולט נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין נאָ־
וועמבער 1918 האָבן די אידן פֿון קובאַ
גענומען אַן אנטייל אין אַ זאַמלונג לטובת
די זעלנער אין די אַרמייען פֿון די אַלי־
אירטע; דעמאָלט זענען זיי אויך אַרויס
ווי אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אין דער אַל־
געמיינער מאַניפֿעסטאַציע לכבוד דעם
וואַפֿן־שטילשטאַנד. אין 1919 האָט מען
זיך געווענדעט צום קובאַנער סענאַט, און
ער האָט אָנגענומען די פּאָזיטיווע
רעזאָלוציע וועגן דער באַלפֿור־דעקלאַראַ־
ציע. אין 1920 האָט דער ישוב באַדאַנקט
די שפּאַנישע רעגירונג, רעפּרעזענטירט
דורך אַדמיראַל קאַרנעראָ, פֿאַר דער הילף
לטובת די ספֿרדישע אידן פֿון פֿראַנקרייך
בעת דער מלחמה. די אַלע אַרויסטרעטונ־
גען האָט אָנגעפֿירט דוד בלים ע״ה.

ניט געקוקט אויף די קאָנטאַקטן צווישן
די ספֿרדים און די אידן פֿון אַמעריקע,
האָבן די ביידע גרופּעס דאָך געלעבט אָפּ־
געזונדערט. אַזוי ווי מען האָט געשטרעבט
צו שאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל
פֿאַרבינדן ביידע גרופּעס, און אויך צו
שאַפֿן אַ מין היים פֿאַר יונגע אידן פֿון
די פֿאַרייניקטע שטאַט, וואָס זענען צייט־
ווייליק געווען אין קובאַ, אין יאָר 1917
אויפֿגעקומען די „יאָנג מען היברו קאָנ־
גרעגיישאָן“. זי האָט עקזיסטירט ביז
מיטן 1919, זי האָט אָבער ניט דורכגע־
פֿירט אירע אויפֿגאַבן. ווידעראַמאָל איז
דאָ דער הויפּט־טוער געווען דוד בלים.
מען דאַרף אָננעמען, אַז דאָס האָט בלים
אַריינגעטראָגן דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט
אין די אַרויסטרעטונגען פֿון די האַוואַנער
אידן. אָבער דאָך זענען עס געווען ספּאָ־
ראַדישע אַרויסטרעטונגען, באמת אַ נאַ־
ציאָנאַלער אָרגאַניזם וואָס ווייזט זיך אויף
דער קובאַנער געזעלשאַפֿטלעכער אַרענע
מיט טאָג־טעגלעכער אַרבעט, וואָס לעבט
אַן אייגן קולטור־לעבן, וואָס פֿאַרמאָגט אַ
פֿאַרצווייגטן אַפּאַראַט: דערציערישע,
עקאָנאָמישע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַ־
ניזאַציעס; וואָס האָט אינסטיטוציעס פֿאַר
סאָציאַלער פֿאַרזאָרגונג — זענען אידן אין
קובאַ געוואָרן ערשט דעמאָלט, ווען עס

זענען אָהעגעקומען טויזנטער אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע.

זינט 1920־1921 הויבן אָן שטראָמען נייע אימיגראַנטן: דער עיקר פון פּוילן, אָבער אויך פון רוסלאַנד. געפאָרן זענען זיי בעצם אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער אַזוי ווי ס׳זענען זיי געשטאַנען אין וועג באַגרענעצונגען, האָבן זיי אויסגע־קליבן אַן אומוועג — קובאַ. דעם רוב האָט זיך טאַקע איינגעגעבן דערנאָך זיך אַריינצוקריגן וואוהין זיי האָבן גע־שטרעבט. מען קען אָננעמען, אַז כמעט אַלע אימיגראַנטן וואָס זענען געקומען קיין קובאַ אין די יאָרן 1921, 1922 און 1923, האָבן פאַרלאָזן דעם אינזל. דער איבערברוך קומט פאָר אין די יאָרן 1923־1924, ווען טויזנטער אידן בלייבן זיצן דאָ, ווען קובאַ ווערט זייער נייע היים. פון דעמאָלט אָן קומט אויף די פּראָבלעם קובאַ פאַר די אַמעריקאַנער אידן.

## די אַמעריקאַנער הילף

עס האָבן זיך געפונען אין קובאַ הונ־דערטער אימיגראַנטן, וואָס האָבן ניט געקענט די שפּראַך פון לאַנד, האָבן ניט געהאַט קיין מיטלען צום לעבן און קיין אַרבעט האָבן זיי אויך ניט געקענט קריגן. די „יונייטעד היברו קאָנגרעגיישאָן“ האָט זיי ניט געקענט העלפן, ווייל זי האָט ניט געהאַט די נויטיקע מיטלען און ניט קיין געזעלשאַפטלעכע געניטקייט. קיין שום אַנדער קובאַנער אידישע אָרגאַניזאַ־ציע האָט ניט געקענט אַנטקעגנקומען מיט הילף אַזאַ גרויסער אימיגראַנטן־מאַסע. די „יונייטעד היברו קאָנגרעגיי־שאָן“ האָט פונדעסטוועגן געשאַפן, פון אירע אייגענע מיטגלידער, אַן אָרגאַניזאַ־ציע „צענטראָ מאַקאַבעאָ“, מיטן ציל צו קענען העלפן די אימיגראַנטן. כדי צו שאַפן די נויטיקע מיטלען, האָט מען אַרויפגעלייגט אויף די מיטגלידער אַ פּריוויליקן שטייער, אָבער די באַדערפע־נישן זענען געווען אומגעהויער גרויסע, און די אָרגאַניזאַציע איז ניט בכוח געווען צו שאַפן די נויטיקע הילף. האָט מען זיך דאַן, אין 1921־טן יאָר, געווענדעט קיין אַמעריקע, צום „היאַס“ און „דזשאָינט“, אַז זיי זאָלן שטיצן די אימיגראַנטן אין קובאַ.

די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס האָבן געענטפערט דעם רוף נאָך הילף, און זיי האָבן גענומען שיקן שטיצע — הגם ביז דעם יאָר 1924 ניט רעגולער. די דאָזיקע שטיצע, אין היפּשע סומעס געלט, איז געווען אַ מיטל צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די אימיגראַנטן, וואָס זענען צייטווייליק געווען אין קובאַ.

אין יאָר 1924 הויבט זיך אָן אַ סיס־טעמאַטישע און צילבאַוואוסטע השגחה מצד אַמעריקאַנער אידישע געזעלשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציעס אין איינאָרדענען דעם אידישן ישוב אין קובאַ. עס איז איינ־געזען געוואָרן, אַז אַ גרויסער טייל אימי־גראַנטן וואָס זענען דאָ געקומען בלויז אַלס צייטווייליקע דורכרייזנדע, כדי צו קענען אַריינקומען קיין אַמעריקע, וועלן שוין דאָ פאַרבלייבן אַלס תושבים; אויב ניט קיין שטענדיקע איז אַלענפאַלס אויף עטלעכע יאָר. פריער דער „נעשאַנעל קאָונסיל אָוו דזשואיש ווימען“ און דער „היאַס“, און נאָך דעם דער „דזשאָינט“, האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו העלפן די אידן אין קובאַ צו קריגן באַשעפטי־קונג, זיך איינוואָרצלען דאָרט און פאָר־מירן אַ נייעם ישוב. עס האָט זיך דאַן אין ניו־יאָרק אָרגאַניזירט — דורך די פריער דערמאָנטע אינסטיטוציעס — אַ קאָמי־טעט ספּעציעל פאַר קובאַ: דער „דזשואיש

קאָמיטי פאַר קיובא", מיט אַן אָפּטיילונג אין קובאַ. דער קובאַנער אָפּצווייג האָט פון דעם יאָר 1924 ביז 1926 געאַרבעט זעלבסטשטענדיק; נאָך דעם האָט ער זיך פאַרייניקט מיטן „צענטראָ איזראַעליטאַ דע קובאַ". וואָס איז דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן (1925) דורך די מזרח אייראָ־פּייאישע אימיגראַנטן. דער „צענטראָ איזראַעליטאַ" איז דאַן געוואָרן די רעפּ־רעזענטאַטיווע געזעלשאַפט פון די אידן אין קובאַ. נאָך דער איינקערפּערונג פון דער קובאַנער אָפּטיילונג פון דעם „דזשור־איש קאָמיטי פאַר קיובא" אין צענטראָ איזראַעליטאַ, האָט זי נאָך אָנגעהאַלטן איר אויטאָנאָמיע און האָט אויך אויף ווייטער געקראָגן אָנווייזונגען פון ניו־יאָרק. אין יאָר 1927 האָט זיך דער קובאַ־נער קאָמיטעט ליקווידירט. דער אידישער צענטער, אָדער צענטראָ איזראַעליטאַ, ווי ער האָט זיך גערופן, איז פון דאַן אָן געוואָרן דער אָרטיקער פאַרשטייער פון דעם אַמעריקאַנער דזשואיש קאָמיטעט. דער אידישער צענטער האָט ביז 1932 באַקומען מאַטעריעלע הילף פון אַמעריקע.

דער אידישער צענטער האָט אויך באַקומען געלט פון „נעשאָנאַל קאונסיל אָוו דזשוניאָרס" פאַר אַ קינדער־היים און פאַר אַ היים פאַר עלטערע פרויען. אַרום און אַרום ווערט געשאַצט ביי אַ 300.000 דאָלער, וואָס די אַמעריקאַנער אידישע געזעלשאַפטן האָבן פון 1921 ביז 1932 אויסגעגעבן אויף שטיצע פאַר די קובאַ־נער אידישע אימיגראַנטן.

דער „דזשואיש קאָמיטי פאַר קיובא" אין אַמעריקע האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל ביים איינוואָרצלען זיך פון דעם קו־באַנער אידישן ישוב, ניט בלויז צוליב זיין מאַטעריעלער הילף ווי אַ צייטווייי־ליקער מיטל, נאָר די מאַטעריעלע הילף איז הויפּטזעכלעך געווען דער מיטל, כדי צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט: צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די אימי־גראַנטן אַלס אַ קאָלעקטיוו; שאַפן אין קובאַ אַ אידישן ישוב, איינעם פון די קאָנצענטריר־ערטער פאַר אידן אין אַ לאַ־טיין־אַמעריקאַנעם לאַנד.

אַלץ וואָס האָט געהאָלפן דעם ישוב זיך אָרגאַניזירן און איינפעסטיקן, איז געשטיצט געוואָרן פון אַמעריקאַנער קאָ־מיטעט פאַר קובאַ: העלפן די אימיגראַנטן ווערן עקאָנאָמישע בירגער; דאָס שאַפן די אידישע קהילה; די אידישע שול; פאַר־שיידענע רעליגיעזע, קולטורעלע און גע־זעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס; אויך אפי־לו די סאַניטאַרע און היגיענישע באַדינ־גונגען, ווי דאָס איז געווען די פאַר מעדי־צינישע הילף; אַ פאַרטרעטערשאַפט כלפי חוץ, מיט מלוכה אינסטיטוציעס, מיט קאָנסולאַטן, און ספּעציעל מיט די אַמטן וואָס האָבן געהאַט די השגחה איבער די אימיגראַנטן.

ווען די אַמעריקאַנער שטיצע האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך דער יונגער ישוב געפילט הילפלאָז. ער איז ניט געווען צו־געוואוינט אַליין צו שטעלן זיך פּנים אל פּנים מיט די שוועריקייטן און צופרידנ־שטעלן זיינע באַדערפענישן, ווייל עס איז געווען די געוואוינהייט זיך פאַרלאָזן, אין אַלע ערנסטע פּראָבלעמען, אויף דער אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע.

ביסלעכווייז אָבער, האָט זיך דער ישוב אויסגעלערנט שטעלן אויף די איי־גענע פיס; איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, און האָט אָנגעהויבן אַליין זאָרגן פאַר אַלע הצטרכותן; האָט אָנגעהויבן אַליין, מיט די אייגענע כוחות, באַפרידיקן אַלע סאָ־ציאַל־פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע באַדער־פענישן פון דעם ישוב.

# די אנטשטייאונג פון די אידישע אָרגאַניזאַציעס

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָבן מיר שוין גערעדט וועגן די ערשטע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין קובאַ: די „יונייטעד היברו קאָנגרעגיישאָן“, דער ‚שבת אחים‘ און דער „צענטראָ איזראַעליטאַ“. מיר האָבן אויפגעוויזן וואו, ווי אַזוי און צוליב וועלכע צוועקן זיי זענען געגרינדעט געוואָרן. מיר האָבן אויך גערעדט וועגן דעם ווי אַזוי דער פאָרמירנדיקער אידישער ישוב אין קובאַ האָט זיך גענומען שטעלן אויף זיינע אייגענע פיס, נאָך דעם ווי די אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס האָבן אָפּגעשטעלט זייער הילף פאַר קובאַ, דערקלערנדיק, אַז דער ישוב דאַרף שוין זיין גענוג רייף כדי אַליין צו באַפרידיקן זיינע הצטרכותן.

די קובאַנער אידישע תושבים האָבן גלייך גענומען אָרגאַניזירן און בויען דאָס געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן.

נאָך איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דער „צענטראָ איזראַעליטאַ“ (1925) איז אין יאָר 1924 געשאַפן געוואָרן דער „צענטראָ העברעאָ“. די הויפט אויפגאַבעס און טעטיקייטן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זענען געווען פון קולטורעלן כאַראַקטער: לעקציעס, טעאַטער פאָרשטעלונגען, ליטעראַרישע געריכטן א. א. ו. דער צענטער האָט אַרומגענומען אַלע קולטורעלע און אַקטיווע עלעמענטן — דער דאָמינירנדיקער שטראָם פון אימיגראַנטן איז דאַן געווען אַ קולטורעלער; עס האָבן זיך געפונען אַ היפש ביסל אידישע אינטעליגענטן. די שפּראַך אין וועלכע מ'האָט אַנטוויקלט די אַקטיוויטעטן איז פון אָנפאַנג געווען רוסיש, אָבער ביסלעכווייז איז מען אַריבער צו אידיש. די ספרדישע אידן האָבן ניט באַלאַנגט צום צענטער צוליב די שפּראַכן פאַרשיידנקייט פון די אַמעריקאַנער אידן זענען בלויז אייניקע געווען מיטגלידער אין צענטער, די מערסטע זענען געווען אָפּגעזונדערט, זיי האָבן זיך געהאַלטן העכער פאַר די מזרח אייראָפּייאישע אידן, און אין אַ געוויסער מאָס צוליב אידעאָלאָגישע סיבות: זיי איז ניט געווען געפעלן דער ראַדיקאַלער פּאָליטישער איינשטעל פון אייניקע פון די פירערס פון דעם „צענטראָ העברעאָ“.

## ק ו ל ט ו ר   פ אַ ר י י ן

שפּעטער איז אין צענטער גופא פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג: די מעסיקע עלעמענטן האָבן אין 1925־טן יאָר געשאַפן דעם „צענטראָ איזראַעליטאַ דע קובאַ“ און די לינקע האָבן געשאַפן דעם „קולטור פאַריין“ אין 1926. פינף יאָר שפּעטער. אין דעם יאָר 1931, איז דער קולטור־פאַריין באַשולדיקט געוואָרן אין אָנפירן קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, און די רעגירונג האָט אים געשלאָסן. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז דער קולטור פאַריין אונטער דעם נייעם נאָמען: „אידישער ספּאָרט־קלוב“, אויך פאַרמאַכט געוואָרן דורך אַ פאַראָרדנונג פון דער רעגירונג. נאָך דער ירידה פון דעם מאַטשאַדאָ רעזשים האָט זיך דער קולטור פאַריין ווידער ערעפנט אונטערן נאָמען: „אידישע געזעלשאַפט פאַר קונסט און קולטור“ אין 1934־טן יאָר.

די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט גרופירט אַרום זיך מערסטנס דעם אַרבעטער־עלעמענט. זי איז, אויסער איר אַלגעמיינער אידעאָלאָגיע, געווען אַטעאיסטיש געשטימט, און פלעגט מאַכן עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען קעגן אידישע טראַדיציעס און רעליגיע. אַזוי צום ביישפּיל, פלעגט זי איינאָרדענען לציס כאָרן אום יום־כפור, און אייניקע האָבן ניט געוואָלט מל זיין זייערע ניי געבאָרענע אינגעלעך.

זיי האָבן אויך ניט אַנערקענט די ווייסבלויע פאָן אַלס די אידישע און אויך ניט די התקוה; זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס זענען בלויז ציוניסטישע סימבאָלן. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט פונדעסטוועגן ביסלעכווייז, שפּעטער, געביטן איר שטעלונג: איז געוואָרן מער טאָלעראַנט צו די אַלגעמיינע אידישע און רעליגיעזע ענינים. דער קולטור פאַריין איז אויך געווען איינע פון די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געגרינדעט דעם אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט. דער קולטור פאַריין האָט אויך אין 1938 זיך געווענדעט צום אידישן צענטער, אַז מען זאָל אים אַריינגעמען וו־ אַן אָרגאַניזאַציע אין דעם צענטער. הגם דער צענטער האָט ניט איינגעשטימט, אַז דער קולטור פאַריין זאָל אַריינגיין אַלס גאַנצער אין צענטער, האָט ער פונדעסטוועגן יאָ ערלויבט, אַז די מיטגלידער זאָלן אַריינגיין אַלס יחידים. און דאַן איז געקומען כמעט צו אַ פאַראייניקונג פון די ביידע אָרגאַניזאַציעס. אין 1940 האָבן די אַלטע מיטגלידער פון דעם אידישן צענטער זיך דערשראָקן, אַז די נייע, די פון קולטור פאַריין, וועלן פאַרכאַפּן דעם צענטער, און זיי האָבן זיי אַרויסגעשטויסן פון דאָרט. אין דעם זעלבן יאָר האָט זיך פון קולטור פאַריין און זיינע מיטגלידער געשאַפן דער „פאָלקס צענטער“, וואָס האָט עקזיסטירט ביז פאַראיאָרן, ווען ער איז אויפגעלייזט געוואָרן.

דער פאָלקס צענטער האָט אָנגעפירט אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס איי־ווערט צו פאַרצייכענען. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן זיי אנטיילגענומען אין דעם „צענטראַל קאָמיטעט“; האָבן ביז מיט צוויי יאָר צוריק אויסגעהאַלטן אַ אידישע שול — די שלום עליכם שול — וואו עס האָבן זיך געלערנט צענדליקער אידישע קינדער, מערסטנס פון די אָרעמע שיכטן; האָט אַרויסגעגעבן אַ צייטונג: „קובאַנע־אידיש וואָרט“, און האָט אויך אָנגעפירט אַ אידישע ראַדיאָ שעה. די מערסטע מיטגלידער זענען אָפּגעפאַלן און די געבליבענע זענען איבערגעשיכטעט געוואָרן.

## די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ סעקציע ביים אידישן צענטער. אין יאָר 1927 עמאַנציפּירט זי זיך און גייט אינגאַנצן אַוועק פון צענטער. רופט זיך פון דאַן אָן ביז היינט „ציוניסטישע פאַראייניקונג“. עס זענען פאָרגעקומען קאָנפליקטן צווישן דער פאַרוואַלטונג פון דעם אידישן צענטער און די פירער פון דער ציוניסטישער גרופּע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ סעקציע ביים אידישן צענטער צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, האָט זי פאַרשפּאָרט האָבן פינאַנציעלע דאגות — דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט האָט שוין פאַר איר געזאָרגט — און צווייטנס, האָט זי געמיינט, אַז זי וועט קענען, דורכן צענטער, האָבן אַן איינפלוס אויפן גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. די פינאַנציעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אפנים קיינמאָל ניט געגליכן. אַלס ביישפּיל קען דינען דער דאָזיקער פאַקט: דער שבת אחים מיט די ציוניסטן האָבן צוזאַמען געגרינדעט אַ קינדער שול — די טעאָדאָר הערצל שול — וואו ס'האָבן באַקומען אַ ערציאונג קנאַפּע פיר הונדערט קינדער (די אונטעררינכט שפּראַך פון אַלע געגנשטאַנדן איז געווען העברייאיש). איז ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פינאַנציעלע שוועריקייטן ביים אויסהאַלטן די שול, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זיך צוריקגעצויגן און איבערגעלאָזן די שול פאַר דער „שבת אחים“. צוליב געלט מאַנגל האָט די שול זיך אַריינגעצויגן אין לאָקאַל פון צענטער. שפּעטער האָט דער אשכנזישער טייל פאַרמירט די צענטער שול, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די „אויטאָנאָמע שול

ביים אידישן צענטער", און די ספרדים
זענען געבליבן מיט דער טעאָדאָר הערצל
שול.

די ציוניסטישע פאַרייניקונג, ווען זי
האָט זיך אָפּגעטיילט פון צענטער, איז זי
געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטישע
קערפּערשאַפט, וואָס איז די גאַנצע צייט
געווען די סאַמע קאָנטיקע — ווי עס
דריקט זיך אויס דר. ב. סאַפיר. די ציו־
ניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט איצט פאַר־
שיידענע סעקציעס: דער קק"ל קאָמיטעט,
די הסתדרות און השומר הצעיר, וועלכער
פירט אָן פאַרשיידענע קולטורעלע אַקטי־
וויטעטן.

קיין גרויסן איינפלוס אויף די לאָקאַלע
אידישע ענינים האָט די אָרגאַניזאַציע ניט
געהאַט, אויסער אויסנאַמס פאַלן. די ציו־
ניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אין יאָר
1944 געקויפט אַן אייגענע געביידע (אויף
איינער פון די שענסטע גאַסן פון האַוואַ־
נאַ), דער „בית עם", וואו עס געפינט זיך
דער אויספיר אַפּאַראַט פון אַלע ציוניס־
טישע סעקציעס. דער בית עם איז די
ערשטע אידישע געביידע אין האַוואַנאַ.
אויפן נאַציאָנאַלן געביט ווייזן די ציו־
ניסטן גרויס אַקטיוויטעט, ספּעציעל באַלד
פאַר און נאָך דער ענטשטייאונג פון
מדינת ישראל.

## עדת ישראל, כנסת ישראל, די קהילה

אַ רעליגיעזע גרופּע אידן האָבן אין
1925־טן יאָר זיך פאַרזאַמלט און געגרינ־
דעט אַ געמיינדע אונטערן נאָמען:
„עדת ישראל". זייערע הויפּט צילן זענען
געווען: אָפּהיטן די אידישע רעליגיעזע
מנהגים. דער גרעסטער טייל פון די אי־
מיגראַנטן אין קובאַ איז באַשטאַנען פון
יונגעלייט גאָר קנאַפּ וואָס רעליגיעז גע־
שטימט. אויסער דעם די סביבה אַליין
האָט געווירקט, אַז עס זאָל זיין כמעט
אוממעגלעך אויסצופירן די אַלע אידישע
רעליגיעזע דינים און מנהגים; און איבער־
הויפּט ווייל קיין ביישפּיל פון וועמען צו
נעמען איז ניט געווען; קיין מורא אָדער
חרפה פאַר די אַרומיקע מיטן אויפפירן
זיך ניט פרום, איז אויך ניט געווען; און
אין רבנים און בכלל גייסטיק רעליגיעזע
פירער איז אין קובאַ געווען אַ מאַנגל.
דאָס אַלעס האָט געבראַכט, אַז עס זאָלן
זיך שאַפן נייע פאָרמען פון אָפּהיטן רע־
ליגיעזע אידישקייט; מען האָט זיך באַ־
גרענעצט אויף בלויז דאָס סאַמע היי־
ליקסטע אידישע דינים: חתונה, קבורה
אויפן אידישן בית עולם; גיין אין שול
ראש השנה און יום כפור און צו אַ יאָר
צייט; אויך פסח עסן מצה. אין דעם איז
באַשטאַנען — און באַשטייט נאָך איצט
אויך — ביים גרעסטן טייל פון די קובאַ־
נער אידן. די רעליגיעזע אידן, הגם זיי
זענען געווען ווייניק אין צאָל, האָבן
געוואָלט אויסאיבן זייער השפעה אויף די
אידן אין קובאַ. זייער מנהיג איז געווען
דער רב צבי קאַפּלאַן ז"ל. אין יאָר 1929
קומט פאַר אַ שפּאַלטונג צווישן די אידן
פון עדת ישראל: אַ טייל מיטגלידער, צו־
ליב מיינונגס פאַרשיידנהייטן איבער גע־
וויסע ענינים, טיילן זיך אָפּ און גרינדן
אַ צווייטע רעליגיעזע געמיינדע: דער
„כנסת ישראל". די נייע אינסטיטוציע
האָט מער ווייניקער די זעלבע צילן ווי
דער עדת ישראל. עס זענען געווען צוויי
פּאַראַלעלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן
אויסגעפירט די זעלבע פונקציעס און דאָך
געגאַנגען באַזונדער. דעם 15־טן יאַנואַר
1948 פאַרייניקן זיך ביידע געמיינדעס
אונטערן נאָמען: „אחדות ישראל". די
איניציאַטאָרן זענען געווען קלמן וואַדאַ־
נאָס און אהרן מינדיק. די קהילה האָט
געציילט 135 מיטגלידער.

אין אַפּריל 1948 ווערט דורך דער
קהילה אויפגענומען אַלס רב אין קובאַ,
הרב ר' מאיר ראָזענביום. דורך גרויסער
פּראָפּאַגאַנדע פון די אָנפירנדע מיטגלי־

ער, הויפּטזעכלעך דעם ה׳ לייב הילקער און דעם מאָראַלן כוח פון האָבן אַ רב, וואַקסט די צאָל מיטגלידער ביז 500.

דעם 18־טן אָקטאָבער 1949 ווערט געגרינדעט דורך דער קהילה, אונטער דער איניציאַטיוו פון הרב מאיר ראָזענבוים, די אָרטאָדאָקסישע קינדער שול „תחכמוני", וואָס ציילט היינט 65 שילער. דער מנהל פון די אידישע לימודים איז דער ה׳ יוסף אבראַמי, און די רעליגיעזע טייל איז אונטער דער השגחה פון דעם רב.

דעם 23־שן נאָוועמבער דעם זעלבן יאָר 1949, גיט די קהילה אַרויס אַ וועכנטלעכע צייטונג, „אונזער שטים", רעדאַקטירט פון הרב מאיר ראָזענבוים און לייב הילקער. די צייטונג האָט אַרומגענומען די אידישע רעליגיעזע, קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און אַלגעמיינע ענינים פון דעם אידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן אין קובאַ.

די צילן, צו וועלכע די קהילה האָט געשטרעבט, זענען געווען: שאַפן אַ וועלטלעכע קהילה, וואָס זאָל משפּיע זיין אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דעם ישוב. אָבער דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן, און זי איז געבליבן באַגרענעצט בלויז אויף די רעליגיעזע הצטרכותן.

## די הילפס־אַרבעט פאַר די אימיגראַנטן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און די פּליטים נאָך דער מלחמה

ווען מיר האָבן גערעדט פון דער הילף, וואָס אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס האָבן געגעבן דעם קובאַנער אידישן ישוב, האָבן מיר בלויז פאַרבייגייענדיק דערמאָנט דעם „דזשאָינט". ווילן מיר זיך דעריבער אָפּשטעלן אביסל און ברייטער באַטראַכטן די אַקטיוויטעטן און די ראָל, וואָס דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אויסגעפירט.

קורץ פאַרן אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט מלחמה, האָט אַ גרויסער שטראָם פון אימיגראַנטן אַריינגעקומען קיין קובאַ, ספּעציעל פון דייטשלאַנד, עסטרייך און בעלגיע. דאָס זענען געווען די אַנטלאָפענע (רעפיודזשי) פון דעם היטלער נאַציזם. אייניקע זענען געקומען פון אַמעריקע קיין קובאַ בלויז אויף אַ קורצער צייט, כדי צו קריגן די אימיגראַציע וויזע אַנשטאָט דער טוריסטן וויזע. און אייניקע זענען געקומען דירעקט פון אייראָפּע, כדי דאָ צו וואַרטן אויף דער אַמעריקאַנער וויזע. די דאָזיקע אימיגראַנטן האָבן געמוזט בלייבן אַ לענגערע צייט אין לאַנד. די געזעצן פון לאַנד האָבן ניט ערלויבט די אויסלענדער צו אַרבעטן, האָט די רעגירונג פאַרלאַנגט 500 דאָלער פון יעדן אימיגראַנט אַלס גאַראַנטיע, אַז ער וועט ניט פאַלן צו לאַסט די אָרטיקע אינסטיטוציעס. ניט אַלע אימיגראַנטן האָבן באַזעסן די נויטיקע סומע געלט, און די קובאַנער אידן זענען ניט בכוח געווען צו געבן אַזאַ גרויסע שטיצע; און דאַן איז ווידער אַמעריקע געקומען צו הילף. דער „דזשאָינט" האָט אין יאָר 1938 אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג אין האַוואַנאַ, וועלכע האָט געהאָלפן אַלע נויטבאַדערפטיקע אימיגראַנטן מיט גאַראַנטיעס, שטיצע צום לעבן, מעדיצין און דערציאונג פון די קינדער. דער ה׳ אָסקאַר גורפינקעל איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער דירעקטאָר פון דעם קובאַנער קאָמיטעט, און די זייער געבילדעטע דאַמע, מיס ראָזאַ ראַבינאָוו, פייאיקע „סאָשל וואָרקער", האָט אַנגעפירט, אַ געוויסע צייט, מיט אַלע סאָציאַלע ענינים און האָט געזאָרגט פאַרן וואוילזיין פון די אימיגראַנטן אין קובאַ אויף יעדן געביט. עס זענען געקומען קיין

קובאַ אין דעם דאָזיקן עמיגראַציע שטראָם נאָענט צו צען טויזנט פּערזאָן, און דער „דזשאָינט" האָט אין דער צייט פון 1928 ביז 1943 אויסגעגעבן 750,000 דאָלער.

די עמיגראַנטן, וואָס זענען געקומען פון בעלגיע, האָבן שנעל אַנטוויקלט די דימענטן אינדוסטריע, און אַ סך פון זיי זענען רייך געוואָרן. די מערסטע זענען אַוועקגעפאָרן נאָך די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס זעלבע אויך די פון דייטשלאַנד און עסטרייך; אייניקע זענען פאַרבליבן אַלס קובאַנער תושבים, עקאָנאָמיש גוט איינ־געאָרדנט.

עס איז אָבער געקומען אַ נייער שטראָם אימיגראַנטן: די נאָך מלחמה לעבן געבליבענע; גייסטיק און קערפּער־לעך צעבראָכענע, אָרעמע און אויסגע־הונגערטע. די מערסטע זענען געקומען צו פריינט און פאַמיליע. אָבער אַ סך פון די אָנגעקומענע האָבן דאָ קיין נאָענטע ניט געהאַט, און די געזעלשאַפט האָט געמוזט נעמען אויף זיך דעם עול פון אויסהאַלטן און איינאָרדענען אָט די פּליטים. אין אָקטאָבער 1948 האָט דער „דזשאָינט" אָפּגעשטעלט די שטיצע, וואָס ער האָט ביז יענמאָלט געגעבן. דער אידישער ישוב פון קובאַ האָט דאַן איינגעזען זיין פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר אָט די דאָזיקע נויטבאַדערפטיקע, און פיר אינסטיטוציעס האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט: די קהילה, דער פאָלקס־צענטער, די ציוניסטישע פאַ־רייניקונג און דער אידישער צענטער. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון דריי פאָרשטייער פון יעדע איינע פון די פיר דערמאָנטע אינסטיטוציעס, מיט די אַק־טיווע כלל טוער, ה' לייב הילער אַלס פּרעזידענט, כאַסע ראַווינסקי סעקרעטאַר, און מאָריס ראָזענפעלד, קאַסיר. די נויטיקע געלט מיטלען זענען געשאַפן געוואָרן אין ישוב גופא. דעם ערשטן יאָר — פון די פּראָצענטער פון דעם ישראל קאַמפּיין און דעם צווייטן יאָר, אין 1950, האָט דער קאָמיטעט צוזאַמען מיטן „דזשאָינט" געמאַכט אַ קאַמפּיין פאַר דעם צוועק. דער קאָמיטעט, וואָס האָט איבערגענומען צו לייזן די נויט פּראָבלעמען פון די פּליטים, האָט אויסגעפירט זיין מיסיע מיט ערפאָלג: געגעבן קאָנסטרוקטיווע הילף; און געהאָלפן אויסוואַנדערן די וואָס האָבן עס געוואָלט.

דער קאָמיטעט האָט זיך אויפגעלייזט. ווען עס איז שוין געבליבן גאָר אַ קליינע צאָל הילפס־באַדערפטיקע. די דאָזיקע יענען דאַן אַריבער אונטער דער השגחה פון די היגע וואוילטעטיקע אינסטיטו־ציעס: דעם אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט און אידישער פרויען פאַריין.

# וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס

## אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט

אין די יאָרן 1927־1928 קומט אויף, אין דעם ישוב, וואָס האַלט זיך אין פאָר־מירן, די נויטווענדיקייט פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. עס געפינען זיך שוין דע־מאָלסט אין קובאַ טובערקולאָזע און מענ־טאַלע קראַנקע, וועמען מען דאַרף געבן מעדיצינישע הילף, און אין אַ סך פאַלן, אויך אויסהאַלטן. אויף דער איניציאַטיוו פון דעם אידישן צענטער ווערט דאַן גע־גרינדעט דער „אַנטי־טובערקולאָז קאָמי־טעט". די צילן פון דעם דאָזיקן קאָמי־טעט זענען: זאָרגן פאַר די קראַנקע און העלפן די נויטבאַדערפטיקע בכלל.

די גרינדער פון דעם אַנטי־טובערקו־לאָז קאָמיטעט זענען געווען די פאָלגנדע אָרגאַניזאַציעס: דער צענטער — ווי שוין געזאָגט — די ציוניסטן, דער שבת אחים

און דער ווילקאָמירער לאַנדסמאַנשאַפֿט
פֿאַריין און דער קולטור־פֿאַריין.

דער ערשטער פּרעזידענט פֿון דעם קאָ־
מיטעט איז געווען אָסקאַר פּינים. דער
אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט האָט זיך גע־
פֿונען אין צענטער און געאַרבעט אַלס אַ
סעקציע פֿון דעם דאָזיקן. שפּעטער הויבט
ער אָן אַרבעטן ווי אַ זעלבסטשטענדיקע
אינסטיטוציע.

דער אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט האָט
אויסגעהאַלטן אַ קאַבינעט, וואו די ניט
פֿאַרמעגלעכע קראַנקע האָבן באַקומען מע־
דיצינישע באַהאַנדלונג. די טובערקולאָזע
קראַנקע, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין
אַ קליניק, האָט זיי דער קאָמיטעט גע־
האַלטן אין דעם שפּיטאָל ,,נועסטראַ סע־
ניאָראַ דעל קאַרמען''; און האָט אויך גע־
זאָרגט פֿאַר די גייסטיק קראַנקע, וואָס
האָבן זיך געפֿונען אין די שטאָטישע
סאַנאַטאָריעס.

דער פּרעזידענט פֿון דעם אַנטי־טובער־
קולאָז קאָמיטעט איז א. פּיש. דער קאָמי־
טעט ציילט מער ווי 800 מיטגלידער.

## דער פֿרויען פֿאַריין

דער פֿרויען פֿאַריין איז אויפֿגעקומען,
ווי כמעט אַלע עלטערע אינסטיטוציעס
אין קובאַ, לויט דער איניציאַטיוו פֿון דעם
אידישן צענטער. דער ציל פֿון דעם פֿרויען
פֿאַריין איז געווען: ס אָ צ י אַ ל ע
פֿ אַ ר ז אָ ר ג ו נ ג.

דער פֿרויען פֿאַריין איז אין אייניקע
פֿונקציעס ענלעך צום אַנטי־טובערקולאָז
קאָמיטעט: ה ע ל פֿ ט  ד י  נ ו י ט
ב אַ ד ע ר פֿ ט י ק ע. שיידט זיך
אָבער אונטער אין דעם צוזאַמענשטעל
פֿון די מיטגלידער — אין דעם פֿרויען
פֿאַריין זענען בלויז פֿרויען מיטגלידער
— און אין אייניקע ספּעציפֿישע פֿונק־
ציעס: דער אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט
איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער פֿאַר־
זאָרגונג פֿון די טובערקולאָזע און גייסטיק
קראַנקע, דאָס איז זיין הויפּט אויפֿגאַבע.
און די הויפּט אויפֿגאַבע פֿון פֿרויען פֿאַ־
ריין איז שטיצן  אַ ל ע  נויטבאַדערפֿ־
טיקע; העלפֿט אויך אויסהאַלטן די פֿאַמי־
ליעס פֿון די קראַנקע.

דער פֿרויען פֿאַריין איז אין אָנפֿאַנג
געווען אַ סעקציע ביים אידישן צענטער.
אין דעם יאָר 1927 איז ער אַוועק פֿון
צענטער און ווערט אַ זעלבסטשטענדיקע
אינסטיטוציע. דער פֿרויען פֿאַריין האָט
ביז 1949 אויסגעהאַלטן אַ קינדער־היים;
געזאָרגט פֿאַר דער דערציאונג פֿון די
אינטערנירטע קינדער; געשטיצט, און
שטיצט איצט אויך, אַלטע לייט, קראַנקע
און פֿרויען נויטבאַדערפֿטיקע. אין 1938
האָט דער פֿרויען פֿאַריין געגרינדעט אַ
ליי־קאַסע, מיטן צוועק צו געבן קאָנס־
טרוקטיווע הילף צו די ניט פֿאַרמעגלעכע
אַרבעטער און קליין הענדלער. די איצ־
טיקע פּרעזידענטין פֿון דער ליי־קאַסע
איז די פֿרוי ליובאַ ראָזענבערג. די ערשטע
פּרעזידענטין פֿון דעם פֿרויען פֿאַריין איז
געווען די פֿרוי העלענאַ גאָלדשטיין. די
איצטיקע איז פֿרוי א. פּינקוס.

דער פֿרויען פֿאַריין ציילט מער ווי
1000 מיטגלידער.

די צוויי פּאַראַלעלע וואוילטעטיקע
אינסטיטוציעס זענען דערשינען — ווי
מיר האָבן עס שוין געזאָגט — אַלס אַ
נ י י ט וו ע נ ד י ק י י ט  אין דעם
אידישן ישוב אין פֿאַרמירונג. האָבן דורכ־
געפֿירט די גאַנצע צייט פֿון זייער ענט־
שטייאונג — און אויך איצט — הומאַ־
ניטאַרע אַקטיוויטעטן פֿון גרויסן ווערט.

## ח ס ד  ש ל  א מ ת

די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט זיך גע־
שאַפֿן אין יאָר 1925, אַלס אַ אָפּטיי־
לונג פֿון ,,עדת ישראל''. אין דעם יאָר
1934 האָט זיך די חברה קדישה לעגאַ־

ליזירט אלס א זעלבסטשטענדיקע אינס־
טיטוציע.

די הויפט אויפגאבע פון דער דאזיקער
געזעלשאפט איז געבן א רעליגיעזע באַ־
ערדיקונג פאר אומפארמעגלעכע, אדער
עלנטע אידן אן געלט. די חברה קדישה
אין קובא באשטייט פון 30 מיטגלידער.
זיי דעקן אלע נויטיקע הוצאות.

## ב נ י  ב ר י ת

די לאדזשע בני ברית מאימאנידעס אין
קובא האט זיך געגרינדעט אין יאר 1943,
לויט דער איניציאטיוו פון מילאן סא־
וויטש, וועלכער איז פאר דעם צוועק גע־
קומען פון די פאראייניקטע שטאטן. די
ערשטע צוזאמענקונפט איז פארגעקומען
ביי דעם ה' איזידארא אברבנאל אין הויז.
עס זענען דאן אנוועזנד געווען א גרופע
אנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון דער
אמעריקאנער, אשכנזישער און ספרדישער
קאלאניעס. צווישן די האבן זיך געפונען,
אויסער דעם ה' אברבנאל, דער ה' דזשאק
בראנדאן, דער ה' קאריטי, דר. דיאניסיא
קאסטיעל; דער דר. קאהען און אנדערע.
די פארזאמלטע זענען עס געווען די גרינ־
דער פון דער בני ברית ארגאניזאציע אין
קובא. דער ה' דזשאק בראנדאן איז דער־
קלערט געווארן אלס פרעזידענט. די בני
ברית האט דורכגעפירט און פירט דורך
פארשיידענע אקטיוויטעטן. אין 1945
האט זיך געגרינדעט ביים בני ברית די
ערשטע ה ל ל ארגאניזאציע אין לא־
טיין־אמעריקע, מיט דער הילף פון דער
אמעריקאנער בני־ברית, וואס דעקט א
העלפט פון די הוצאות. די ארגאניזירונג
פון דער בני ברית הלל איז א ווערטפולער
אויפטו אין קובא, ווייל דורך דעם קלוב
קומט א טייל פון די יוגנטלעכע, וואס
זענען אביסל דערווייטערט פון אידיש־
קייט, אין א אידישער סביבה. די בני
ברית האט א ביבליאטעק און פירט אן
פארשיידענע קולטורעלע ארבעטן.

## „וויצא" ארגאניזאציע אין קובא

די וויצא ארגאניזאציע אין קובא האט
זיך געגרינדעט אין יאר 1942, דורך א
גרופע פליכטלינג פרויען, וואס זענען
אנגעקומען קיין קובא מיטן צווייטן עמי־
גראציע שטראם.

אין 1943 קומט אין קובא די ערשטע
אפיציעלע דעלעגאטין, מיס סמיילי, פון
קאנאדע, און ברייטערט אויס די אקטי־
וויטעטן פון דער וויצא. זי שאפט פאר־
שיידענע סעקציעס: סעקציע אלף, וואס
נעמט ארום די אשכנזישע פרויען; די
אמעריקאנער סעקציע; די סעקציע פון
ווערדאדא, וואס באשטייט מערסטנס פון
די צוגערייזטע פרויען, און די ספרדישע
סעקציע.

די וויצא אין קובא ציילט היינט ביי
א 1000 מיטגלידער.

די אקטיוויטעטן, וואס די וויצא פירט
דורך, זענען באדייטנדע; און אויסשליס־
לעך געווענדעט פאר ארץ ישראל.

די ערשטע פרעזידענטין איז געווען
פרוי נינא סעגאל.

די איצטיקע פרעזידענטינס:

פרוי בענעס — פון סעקציע „אלף".

פרוי מינא היללער — פון סעקציע
ווערדאדא.

פרוי וויקטאריא אדוט — פון דער
ספרדישער סעקציע; זי איז אויך די פרע־
זידענטין פון דער „מעסא צענטראל".
וויצא".

פרוי פאני פרעסמאן — פון „יאנג

## א ג ו ד  ח ר ו ת  ה צ ה ר

געגרינדעט אין יאר 1948 דורך די
בוגרי בית"ר און א ריי פריינט פון דער
רעוויזיאניסטישער באוועגונג אין קובא.

דער ציל און צוועק פון דער ארגאני־
זאציע איז זיך צו סאלידאריזירן מיט דער
פאליטישער און ארגאניזאציאנעלער טעט־
טיקייט פון דער חרות באוועגונג אין
מדינת ישראל.

אין יאָר 1950 האָט די היגע חרות גרופּע אויפגענומען דעם פירער פון ארגון, מנחם בייגין.

פּרעזידענט איז דער באַקאַנטער אינ־טעלעקטואַל נחמן סאַלאָווייטשיק.

## אידישער צענטער פון מאַריאַנאַאָ

דער אידישער צענטער פון מאַריאַנאַאָ איז געגרינדעט געוואָרן אין 1946, מיט דעם צוועק צו שאַפן אַן אייגענעם געזעל־שאַפטלעכן קרייז פאַר די דאָרטיקע אי־דישע איינוואוינער. ביים אידישן צענטער עקזיסטירט אויך אַ יוגנט־קלוב, וואָס אָרדנט איין פון צייט צו צייט פאַרשי־דענע אונטערנעמונגען. דער אידישער צענטער פון מאַריאַנאַאָ פאַרמאָגט אויך אַן אייגענעם מנין פאַר שבתים און ימים טובים.

פּרעזידענט איז ה׳ לואים בריל.

## האַנדלס קאַמער

די אידישע האַנדלס קאַמער האָט זיך געגרינדעט אין 1936, מיטן צוועק צו פאַרטיידיקן די קאָמערציעלע אינטערעסן פון די אידן אין קובאַ. די האַנדלס־קאַמער איז אַ מיטגליד אין די עקאָ־נאָמישע קערפּערשאַפטן אין לאַנד.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען ה׳ סאַמועל גאַלפאַנד.

## „אָרט״ קאָמיטעט אין קובאַ

דער „אָרט״ קאָמיטעט דאָ־הי, איז אַן אָפּטיילונג פון דער אַלוועלטלעכער אָרט־אָרגאַניזאַציע. האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1943, לויט דער איניציאַטיוו פון דר. ב. סוראָוויטש. דער דר. סוראָוויטש, צוזאַמען מיט די היגע „אָרט״ טוער, האָט געעפנט אַ פאַך־שול אין האַוואַנאַ, וואָס באַשטייט פון פאַרשיידענע קורסן: בייטל־מאַכעריי; זייגערמאַכעריי; עלעק־טראָטעכניק; שניידעריי און אויסאַרבע־טונגען פון פאַרשיידענע לעדער אַרטיק־לען. דער פּרעזידענט פון דעם קובאַנער „אָרט״ אָפּטיילונג איז דער ה׳ ג. קריגער. דער לייטער פון דער פאַך שול איז דער באַקאַנטער שרייבער און געזעלשאַפטלע־כער טוער, ה׳ לייזער ראַן.

# אינסטיטוציעס פון דער פּראָווינץ

## צענטראָ איזראַעליטאַ דע קאַמאַגועי

געגרינדעט אין 1942, צוליב רעליגיע־זע און קולטורעלע צוועקן. באַשטייט פון 40 מיטגלידער, ספרדים און אשכנזים. דער צענטער האָט דורך אַ קורצער צייט אויסגעהאַלטן אַ אידישע קינדער־שול.

עס עקזיסטירט אויך ביים צענטער אַ קליין גרופּע פון השומר הצעיר.

דער צענטער פירט דורך פאַרשיידענע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אַקטיוויטעטן.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען איסאַק טוניק.

## אוניאָן איזראַעליטאַ דע אָריענטע

געגרינדעט דורך ספרדים אין סאַנטיאַ־גאָ דע קובאַ. עס געהערן אויך אשכנזישע אידן צו דעם דאָזיקן צענטער. די געזעל־שאַפט האָט אַן אייגענע געביידע און אַ „היילִיקן אָרט״. דער צענטער איז אַ גע־זעלשאַפטלעכער קלוב און דינט גלייכצייַ־טיק אויך אַלס שול צום דאַוונען שבת (זייער ווינציק) און אין די יום־טובים.

## אידישער צענטער פון גואַנטאַנאַמאָ

געגרינדעט אין יאָר 1929, דורך אש־

כנזים און ספרדים. האָט 30 מיטגלידער. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען: כּאַקאָבאַ סאַפּאַיאָ.

## אוניאָן העברעאַ דע אַרטעמיטאַ

ספרדישע געזעלשאַפט. טראָגט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. פירט אויך דורך געזעלשאַפטלעכע און וואוילטעטיקע אַקטיוויטעטן.

## אינסטיטוציעס וואָס האָבן עקזיסטירט

## פּ ע ד ל ע ר  פ אַ ר י י ן

עס האָט עקזיסטירט אַ פּעדלער־פאַריין, געגרינדעט אין יאָר 1929 דורך דער איניציאַטיוו פון אידישן צענטער. עס איז געווען אַ צייטווייליקע אָרגאַניזאַציע, כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די פּעדלער, ווייל זיי האָבן דעמאָלסט געהאַט געוויסע שטערונגען.

## ב אַ ר ב ע ר  פ אַ ר י י ן

געגרינדעט אין 1930, דורך דער איניציאַטיוו פון אידישן צענטער. האָט פונקט ווי דער פּעדלער־פאַריין, געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ.

## וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין

געגרינדעט אין יאָר 1933. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען דער ה' סענדער בענדער. די צילן זענען געווען: געזעלשאַפטלעך זיך צואַמענקומען אין אַ היימישער סביבה, און אויך העלפן די לאַנדסלייט מעבר לים.

## דער אידישער צענטער פון סאַנטאַ־קלאַראַ

געגרינדעט אין יאָר 1929. דער הויפּט ציל איז געווען אַ רעליגיעזער. דער צענטער האָט אַן אייגענעם לאָקאַל, אַ ספר־תורה און אַ בית־עולם. באַשטייט פון 75 מיטגלידער, אין גרעסטן טייל ספרדים.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען משה מיטראַני.

## אידישער צענטער פון מאַטאַנזאַס

אין מאַטאַנזאַס איז דאָ אַ אידישער צענטער, געגרינדעט אין יאָר 1942. האָט 36 מיטגלידער. דער ערשטער פּרעזידענט: יעקב טשירינסקי.

## אוניאָן דע רעפוכיאַדאָס

געגרינדעט אין 1943 פון אַ גרופּע פליכטלינגען פון פּוילן און בעלגיע. דער פּרעזידענט איז געווען דער ה' חיים קאַץ. די מערסטע זענען געווען אין דער דיימענטן אינדוסטריע. צילן: געזעלשאַפטלעך זיך אויסלעבן אין אַן אייגענער סביבה. דער קלוב איז באַשטאַנען פון 150 מיטגלידער. כמעט אַלע זענען זיך צופאָרן.

## מ ח ז י ק י  ת ו ר ה

אַ רעליגיעזע געזעלשאַפט, באַשטאַנען פון פליכטלינגען. געגרינדעט אין 1942. האָט אויסגעהאַלטן אַ קליינע שול, וואו אַלע שבת פלעגן פאַרקומען גאָטעס דינסטן. האָבן אויך אויסגעהאַלטן אַ תלמוד תורה, וואו ס'האָבן זיך געלערנט 30 שילער. די מערסטע זענען זיך צופאָרן פון קובאַ. זייער אַ קליינע צאָל זענען איבערגעבליבן.

## ליטווישער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין

געגרינדעט אין 1942. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען דער ה' סענדער וואָלפסאָן.

## אַנטי-נאַצי קאָמיטעט

געגרינדעט אין יאָר 1941, ביים אי־דישן פאָלקס־צענטער. די אַקטיוויטעטן זענען באַשטאַנען אין קאַמפן דעם נאַ־ציזם, און העלפן די אַליאירטע.

## געזעלשאַפט עץ חיים

די געזעלשאַפט האָט זיך געגרינדעט אין 1942 דורך אַ גרופּע אידיש־דייטשע פּליכטלינגען. די צילן זענען געווען קול־טורעלע און רעליגיעזע.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען מאַרטין קסינסקי.

## דער אידישער זשורנאַליסטן און שרייבער פאַריין

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ אידישער שרייבער פאַריין, וואָס האָט זיך געגרינ־דעט אין 1936. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען אליעזר אַראָנאָווסקי. דער ציל פון שרייבער פאַריין איז געווען העלפן די אידישע שרייבער אין קובאַ אַרויסגעבן זייערע ווערק; אויך אָנפירן קולטורעלע אַקטיוויטעטן.

די אַקטיוויטעטן, ווי אויך די רעזול־טאַטן פון דעם שרייבער קרייז, זענען גע־ווען אומאָנזיכטבאַרע. עס איז כמעט ווי־גאָרניט אויפגעטאָן געוואָרן.

# יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין קובאַ

## אידישער סטודענטן-קרייז

אין דעם יאָר 1929, אין האַוואַנאַ, האָבן אַ גרופּע אידישע אוניווערזיטעט־סטודענטן, זייער אַ קליינע אין צאָל, די ערשטע סטודענטן אין קובאַ, געגרינדעט אַ קרייז, וואו זיי זאָלן זיך קענען צוזאַ־מענקומען און קולטורעל זיך אויסלעבן אין אַ צוגעפּאַסטער, פאַר זיי, אידיישער סביבה. דער הויפּט־ציל אָבער פון דעם דאָזיקן קרייז איז געווען: העלפן די נים פאַרמעגלעכע אידישע סטודענטן מאַטע־ריעל.

די גרינדער זענען געווען: דיאָניסיאָ קאַסטיעל, דוד קאַטאַריוואַס, קראָנשטיין, משה מיטראַני, בירמאַן, די שוועסטער מערי און שרה נעמיצאָוו, משה רייגאָ־ראָצקי (רייגאָר) ע"ה, וויקטאָר מיטראַני און וויטאַלי מיטראַני.

די דאָזיקע יוגנטלעכע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט אַ ווערטפולע קולטורעלע אַרבעט: לעקציעס פון קובאַנער אינטע־לעקטואַלן, דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען א. א. וו. האָט אַרויסגעגעבן אַ מאָנאַט־לעכן זשורנאַל: „על עסטודיאַנטע העב־רעאָ", אַ גאַנצן יאָר, אָן איבעררייס. די אויסגאַבע איז געווען רעדאַגירט דורך ה' פּיאָדאָר וואָלבע, מיט דער נאָענטער מיט־אַרבעט פון אַ גרופּע סטודענטן.

אין 1930, ווען עס קומען פאָר די אומרוען אין אוניווערזיטעט קעגן דעם מאַטשאַדאָ רעזשים, און די רעגירונג שליסט די אוניווערזיטעט, שטעלט אָפּ — צייטווייליק — דער אידישער סטו־דענטן-קרייז זיינע אַקטיוויטעטן. ווערט ווידער דערעפנט אין דעם יאָר 1934. דאָן געפינען זיך שוין אַ גרעסערע צאָל סטודענטן אין קובאַ, הויפּטזעכלעך פון מיטל־שולן; אויך פון קונסט: מאַלעריי און מוזיק שולן. און די צאָל מיטגלידער אין דעם קרייז איז אַ גרעסערע. עס געפינען זיך צווישן זיי: כאַסע שניידער, שמחה גלעזער, אידאַ גלעזער, טאַמאַראַ ליפשיץ, חוה דוואָרין, איסאַ שקלאַרעוו־סקי און מאַריאָ סטאָן. אָבער בלויז איי־ניקע מאָנאַטן האָט דאָן פונקציאָנירט דער קרייז, ווען ער האָט זיך געמוזט שליסן. צוליב דער אַלגעמיינער פּאָליטישער לאַגע

אין לאַנד, זענען געשלאָסן געוואָרן אַלע העברעע און מיטעלע דערציאונגס אַנ־שטאַלטן, אויך אַלע קולטורעלע אינסטי־טוציעס.

## אידישער יוגנט פאַריין אין קובאַ

געגרינדעט אין יאָר 1941, ביים אי־דישן פאָלקס־צענטער, מיטן ציל צו פּראַקטיצירן ספּאָרט און אָנפירן אויך קולטורעלע אַקטיוויטעטן צווישן דער אי־דישער יוגנט.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען מאַריאַ צווייג.

## ה ת ק ו ה

יוגנט־קלוב מיט ציוניסטישע טענ־דענצן, געגרינדעט אין 1942. דער ערש־טער פּרעזידענט איז געווען דזשאַק בעללער.

דער קלוב איז באַשטאַנען פון 50 מיטגלידער.

## מ כ ב י

יוגנט־קלוב, געגרינדעט דורך די מיט־גלידער פון שבת־אחים אין יאָר 1938. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען רפאל בעהאַר. דער קלוב האָט אָנגעפירט ספּאָרט און קולטורעלע אַקטיוויטעטן.

## ה ש ו מ ר ה צ ע י ר

יוגנטלעכע, חלוצישע אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט אין 1933 אַלס אַ סעקציע פון דער ציוניסטישער פאַראייניקונג. באַשטייט פון אַרום 100 מיטגלידער אין עלטער צווישן 12 און 19 יאָר.

דער השומר הצעיר פירט דורך פאַר־שיידענע נאַציאָנאַל קולטורעלע אַקטיווי־טעטן צווישן זיינע מיטגלידער. פירט דורך זומער מושבות, אויספלוגן, שמועסן, ארץ ישראל געזאַנג און טענץ; העלפט אַרום אין איייניקע אַקטיוויטעטן פון קרן קימת; נעמט אנטייל אין די שקלים אַקציעס. און אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ האָט ער צוגעגרייט און אָפּ־געשיקט אַ פּאָר צענדליק חלוצים קיין ארץ ישראל. דער השומר הצעיר איז אויך גע־ווען איינער פון די הויפּט **איניציאַטאָרן** ביי עפענען די אידישע בלוט באַנק אין קובאַ בעת דער באַפרייאונגס מלחמה אין ישראל.

## יוגנט־קלוב ביי דער ציוניסטישער פאַראייניקונג

געגרינדעט אין 1940. געווען די ערש־טע צייט זייער אַקטיוו אויפן קולטורעל נאַציאָנאַלן געביט. ציילט איצט ביי אַ 80 מיטגלידער. פירט דורך געזעלשאַפט־לעכע אַקטיוויטעטן צווישן זיינע מיט־גלידער.

## ב י ת ר

יוגנט־גרופּע פון ברית טרומפּעלדאָר, געגרינדעט אין יאָר 1940. דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען דוד שינדערמאַן.

דער „ביתר" פירט דורך אַקטיוויטעטן לטובת ארץ ישראל. איז אָבער צוליב אי־דעאָלאָגישער פאַרשיידנקייט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון דער ציוניסטישער פאַראייניקונג. ציילט ביי אַ 65 מיטגלידער און אַ גרעסערע צאָל סימפּאַטיקער.

ווערנד דער גאַנצער צייט פון קאַמף פון אונטערגרונט האָט דער בית"ר אויפ־געהאַלטן אין דער שפּאַנישער שפּראַך אַ טעגליכע ראַדיאָ שטונדע.

אַ גרופּע פון 32 יוגנטלעכע מיטגלידער פון בית"ר און מכבי זענען געפאָרן קיין ארץ ישראל קעמפן בעת דער באַפרייאונגס מלחמה פון דעם לאַנד. צוויי פון דער גרופּע, דניאל לעווי ע"ה און דוד מיט־ראני ע"ה זענען העלדיש אומגעקומען אויף דער „אַלטאַלענאַ".

## אסאָסיאַסיאָן דע קאָמבאַטיענטעס העברעאָס

דער דאָזיקער פאַריין באַשטייט פון די יוגנטלעכע, וועטעראַנען פון דער לעצטער באַפרייאונגס מלחמה פון ישראל. באַשטייט פון אַרום 20 מיטגלידער, ספרדים און אשכנזים. פאָרזיצער פון פאַריין דער קובאַנער „גר״ פרימיטיוואָ ראַמירעז (אברהם בן אברהם), וועלכער איז אויך געפאָרן קיין ישראל קעמפן פאַר דער אידישער פאָטערלאַנד.

## סטודענטן קלוב

גרופירט אַרום זיך די אידישע שטודירנדע יוגנט. איז ניט קיין המשך פון דעם אַמאָליקן סטודענטן־קרייז. באַזיצט אויך ניט דעם אימפּולס פון יענעם קרייז.

די אַקטיוויטעטן פון דעם קלוב זענען געזעלשאַפטלעך קולטורעלע. האָבן ניט קיין שום השפעה אויף דער אַלגעמיינער יוגנט אין קובאַ.

## יוגנט־קלוב פאַר „יו־אי־טי״

האָט זיך לעצטנס געשאַפן אַלס אַן אָפּטיילונג פון דער יו־אי־טי געזעלשאַפט אין קובאַ, געגרינדעט לויט דער איניציאַטיוו פון דר. טאָקער, וועלכער איז געקומען אין קובאַ אַלס דעלעגאַט פון די דריי וויסנשאַפטלעכע אַנשטאַלטן (אוניווערזיטעט, „טעכנאָלאָגישער אינסטיטוט״ און „אינסטיטוט ווייצמאַן).

דער ציל פון דער יו־אי־טי איז: העלפן מאַטעריעל און מאַטעריאַליש די דאָזיקע דריי הויכשולן און אָנפירן אַן אויפקלערערישע אַרבעט וועגן דער וויכטיקייט פון די דאָזיקע און וועגן ישראל בכלל.

## יוגנט־קלוב „התקוה״

האָט זיך לעצטנס געגרינדעט אין לאָקאַל פון אידישן צענטער, דורך אַ טייל געוועזענע מיטגלידער פון בני ברית הלל, אַלס רעזולטאַט פון דעם קריזיס וואָס עס איז דאָרט ענטשטאַנען, צוליב מיינונגס פאַרשיידנהייטן צווישן אַ טייל מיטגלידער און דעם רבי מילטאָן ווייסבערג. די געשאַפענע לאַגע האָט גורם געווען דאָס צעפאַלן זיך פון דעם קלוב הלל.

## יוגנט־קלוב „ישראל״ פון סאַנטאָס־סוּאַרעז

נעמט אַרום אַ צאָל יוגנטלעכע פון סאַנטאָס סוּאַרעז און האַוואַנאַ. די צילן פון דעם קלוב זענען: געזעלשאַפטלעך זיך אויסלעבן אין אַ אידישער סביבה.

די אַקטיוויטעטן זענען געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּראָווינציעלע. דער גייסט פון קלוב איז אַ אידיש נאַציאָנאַלער.

## יוגנט־קלוב פון מאַריאַנאַאָ

דער יוגנט־קלוב פון מאַריאַנאַאָ איז געגרינדעט געוואָרן אַלס סעקציע ביים צענטער. דער גרינדער און געזעלשאַפטלעכער דערציער פון דער מאַריאַנאַאער יוגנט איז געווען דער דינאַמישער געזעלשאַפטלעכער טוער און אָנגעזעענער שרייבער, א. געד ע״ה. ער האָט גייסטיק געפורמט די דאָזיקע יוגנט, וועלכע פירן היינט אָן אַ ווערטפולע אידיש געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַרן וואוילזיין פון דער יוגנט און שטאָלץ פון די מאַריאַנאַאער אידישע איינוואוינער און אויך פאַרן אידישן ישוב אין קובאַ.

# אידיש שול־וועזן אין קובא

זארגן פאר דער דערציאונג פון די קינדער איז ביים אידישן פאלק גאר אן אלטע טראדיציע, וואס ווערט אפגעהיט אין אלע צייטן, אין אלע לענדער און ביי אלע באדינגונגען, ביי וועלכע עס זאל זיך ניט געפינען.

אויך דא אין קובא, כמעט גלייך ביים אנהויב פון דער איינוואנדערונג אין לאנד, ווען עס זענען געקומען עלטערן (הגם ווייניקע אין צאל), וואס האבן גע־האט קינדער אין שול־עלטער, האבן אנ־געהויבן צו זוכן מיטלען, ווי אזוי צו געבן זייערע קינדער א אידישע דערציי־אונג. און אין 1924־טן יאר גרינדן די ספרדישע אידן א קינדער־שול, וואס האט געהייסן „תלמוד תורה טעאדאר הערצל". עס שטייען שפעטער צו אויך די אש־כנזישע אידן. עס איז געווען אן עלע־מענטאר שול. די אונטעררייכט שפראך איז געווען העברייאיש און דער אלגע־מיינער גייסט איז רעליגיעז און ציוניס־טיש.

די ערשטע צייט האט דער שבת־אחים אויסגעהאלטן די שול; דערנאך האבן גע־האלפן דעקן די אויסגאבן די ציוניסטישע ארגאניזאציע. שפעטער, ווען עס האבן זיך אנגעהויבן די פינאנציעלע שוועריי־קייטן, איז די ציוניסטישע פארייניקונג אוועק פון דער שול, איבערלאזנדיק זי פאר דער שבת אחים. די ספרדים האבן ניט געהאט קיין מעגלעכקייטן אליין אויסהאלטן א שול, און כדי צו פארגרינ־גערן די עקאנאמישע לאסט האט מען די שול אריינגעצויגן אין לאקאל פון דעם אידישן צענטער. שוין דארט קומט פאר א שפאלטונג צווישן דעם ספרדישן עלע־מענט און דעם אשכנזישן. די ספרדים ציען זיך ארויס פון צענטער, בלייבן ביי דער טעאדאר הערצל שול, פארקלענערנדיק אין צאל שילער, פארקלענערט זי אויך די אויסגאבן. און דער צענטער גרינדעט דאן א שול מיט די אשכנזישע שילער פון דער טעאדאר הערצל שול, אונטערן נאמען: „אידישע שול ביים צענטער". די שול האט די גאנצע צייט געליטן פון געלט מאנגל און דער דעפיציט האט כסדר גע־שטיגן. ביז אין דעם יאר 1939, ווען דער צענטער האט מער ניט געקענט אויס־האלטן די שול (הגם בלויז ביי א 30 שילער האבן ניט געצאלט קיין שכר־לימוד; די שול האט געציילט מער ווי 200 שילער), איז צוזאמענגערופן געווארן אן עלטערן פארזאמלונג, און דער צענ־טער האט דאן איבערגעגעבן די שול צו די עלטערן, אז זיי זאלן איר פארוואלטן און אויסהאלטן. עס איז אויסגעוויילט געווארן א שול־קאמיסיע, וועלכע האט גענומען ארבעטן זעלבסטשטענדיק, זאר־גנדיק פאר דער שול. די נייע שול־קאמי־סיע האט געביטן דעם נאמען פון דער שול, זי האט פון דאן אן זיך גערופן: „אויטאנאמע שול ביים אידישן צענטער". דער צענטער האט פונדעסטוועגן אויף ווייטער אויך זיך געפילט מאראליש פאר־אנטווארטלעך פאר דער שול, און ער האט זי געשטיצט, געבנדיק איר פריי פון צאפ־צאל דעם לאקאל, און אויספירנדיק אלע אדמיניסטראטיווע אפים ארבעטן די גאנ־צע צייט. אויסער דעם פירט דער צענטער אן מיט דעם גאנצן פראפאגאנדע אפא־ראט, און מאראלישע אונטערשטיצונג פאר דער גוטער ענטוויקלונג פון דער שולע.

די שול, ווען זי איז געווארן אויטא־נאם, איז זי אוועקגעשטעלט געווארן אויף א געזונטערער עקאנאמישער באזע, ווייל די עלטערן האבן גענומען אויף זיך די פאראנטווארטלעכקייט פון אויסהאלטן זי. דער דירעקטאר איז דאן געווען כואן דעל וואיע, אן ענערגישער יונגערמאן, וואס האט פארמאגט פאכמענישע קענטענישן

און פייאיקייטן צו אָנפירן אַ דערציאונגס־
אַנשטאַלט. די פריערדיקע דירעקטאָרן
פֿאַר אים האָבן געהאַט איינגעשטעלט די
לימודים אין שול, ער אָבער האָט רעפאָר־
מירט די אָרגאַניזירונג.

מ׳לערנט אין דער צענטער שול אַלע
לימודים לויטן פּראָגראַם פֿון די אָנהויב
שולן אין לאַנד, אויף שפּאַניש. פֿון די
אידישע לימודים האָט מען געלערנט:
אידישע שפּראַך, געשיכטע, טראַדיציעס
און אַביסל העברייאיש.

דער דירעקטאָר פֿון דער שול ביי דער
גרינדונג, איז געווען דער ה׳ פּנחס בער־
ניקער. די שול איז געווען אָרגאַניזירט
לויט דעם מוסטער פֿון די אייראָפּייאיש־
העברייאישע שולן. אַלע געגנשטאַנדן האָט
מען געלערנט אויף העברייאיש און די
שול האָט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכענעם
העברייאישן כאַראַקטער. אַ קורצע צייט
האָט געדויערט, און עס איז געביטן גע־
וואָרן דער כאַראַקטער און איינאָרדנונג
פֿון דער שול. מעגלעך אַז די אומשטענדן
האָבן געבראַכט דערצו, אָדער די פּירער
האָבן עס פאַרלאַנגט, מ׳איז ביסלעכווייז
אַריבער צו אידיש. העברייאיש איז גע־
בליבן בלויז אַלס דער לימוד פֿון נאָך אַ
שפּראַך. די אַלגעמיינע געגנשטאַנדן האָט
מען געוומען לערנען אויף דער לאַנדס־
שפּראַך, אויף שפּאַניש.

עס האָבן זיך פֿון דער צייט וואָס די
שול עקזיסטירט, געביטן די שול טוער,
די מנהלים, די לערער, ווי אויך די שול
איינאָרדנונג בכלל. עס האָט זיך אויך
דורך דער צייט געביטן דער גייסט פֿון
דער שול, פֿון די אידישע לימודים, איבער־
גייענדיק אַלע שאַטירונגען פֿון אַ ציוניס־
טישער טענדענץ, ווי זי איז עס געווען
ביים אָנפאַנג — ביז אידישיסטיש, ווי זי
איז עס היינט צו טאָג, לויט ווי עס זענען
געווען די אידעאָלאָגישע איבערצייגונגען
פֿון די שול טוער און דירעקטאָרן פֿון די
אידישע לימודים.

דער אידישער דירעקטאָר איז פאַראַנט־
וואָרטלעך פֿאַר די אידישע לימודים, און
דער שפּאַנישער דירעקטאָר איז פאַראַנט־
וואָרטלעך, אויסער די אידישע, פֿאַר אַלע
לימודים, פֿאַר דער אָרגאַניזירונג פֿון די
קלאַסן, לערן צייט, דיסציפּלין א. א. וו.
און פֿאַר דער שול בכלל לגבי דער רעגי־
רונג.

ביז דעם יאָר 1928 איז געווען דירעק־
טאָר פֿון דער צענטער שול דער ה׳ א.
גאַרסיאַ. פֿון דעם יאָר 1928 ביז דעם יאָר
1940 האָט אָנגעפירט מיט דער שול כּואַן
דעל וואַיע.

פֿאַר דער צייט, ווען וואַיע איז געווען
דירעקטאָר, האָט ער רעפאָרמירט די איינ־
שטעלונג פֿאַר די אידישע און שפּאַנישע
לימודים באַשטימטע לערן שעהן; האָט
איינגעשטעלט דיסציפּלין סיי פֿאַר די לע־
רער, סיי פֿאַר די שילער. וואַיע האָט גע־
מאַכט פֿון דער שולע אַ גוט גייענדיקן
אַפּאַראַט. דער מנהל פֿון די אידישע לימו־
ים איז דאַן געווען דורך אַ געוויסער צייט
דער ה׳ יוסף אבראמי. ער איז אַוועק פֿון
צענטער און געגרינדעט די „יבנה" שול.
נעמט דאַן איבער זיין אַמט דער ה׳ עליאַם
עליאָוויטש. דער ה׳ וואַיע אַרבעט צוויי
יאָר צייט נאָך דעם ווי עליאָוויטש איז
אָנגעקומען. די גאַנצע צייט אָבער קומען
פֿאַר רייבונגען צווישן זיי. וואַיע פֿאַר־
לאָזט דעם צענטער און גרינדעט די „פּראָ־
גרעסאָ" שול, וואוהין עס גייען אַריבער
מיט וואַיען 120 שילער פֿון דער צענטער
שול.

די שול האָט אין לויף פֿון די לעצטע
יאָרן זיך גוט אַנטוויקלט און שטייט היינט
פינאַנציעל אויף אַ פעסטן פונדאַמענט.
די שילער צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט
אויף 330 תּלמידים. לעצטנס האָט די
אויטאָנאָמע שול געקויפט אַן אייגענע
מאָדערנע געביידע אין סאַנטאָס־סואַרעז,
און זיך אַהין אַריבערגעצויגן. די אידישע
לימודים ווערן אויך היינט צו טאָג געפירט

אין אַ מער נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס דאָס טוט אויך בעסער באַפרידיקן די אינטערעסן פון אידישן ישוב. די שול געפינט זיך ווייטער אונטער דער איבערגעגעבענער לייטונג פון דירעקטאָר ה' עליאָוויטש. ריעס פון פסיכאָלאָגיע און דערציאונג.

## קינדער-שול ,,יבנה''

נאָך אַ אידישע שול איז געווען געגרינדעט דורך פריוואַטער איניציאַטיוו, די ,,יבנה'' קינדער שול פון דעם ה' יוסף אַבראַמי. די שול האָט עקזיסטירט עטלעכע יאָר, און וועלכע זי האָט כסדר דורכגעמאַכט עקאָנאָמישע שוועריקייטן. און הגם די שול איז געפירט געוואָרן אין ציוניסטישן גייסט האָט זי פונדעסטוועגן פון דער ציוניסטישער פאַרייניקונג אין קובאַ קיין סובסידיעס אָדער מאָראַלע הילף, ניט באַקומען. און צום סוף האָט זי זיך געמוזט פאַרמאַכן.

## ,,תרבות'' שול

עס האָט אויך אַ פּאָר יאָר צייט עקזיסטירט אַ פּריוואַט שול פון דער פרוי אידאַ קאָהען, קוואַליפיצירטע אידיש־העברייאישע לערערין און אַנגעזעענע ציוניסטישע טוערין.

די שול איז באַשטאַנען פון אַ קינדער גאַרטן, ערשטער און צווייטער גראַד. די ,,תרבות'' שול, ווי זי האָט געהייסן, האָט אויך דורכגעמאַכט גרויסע שוועריקייטן, און לסוף איז די לייטערין און אייגנטימערין, פרוי אידאַ קאָהען, געמוזט אויפגעבן די שול. דער צענטער האָט די תרבות־שול אָפּגעקויפט און געלאָזט אויפן זעלבן פּלאַץ אַלס אַן אָפּטיילונג פון דער צענטער שול אין אַלט האַוואַנאַ. דער דאָזיקער פּרואוו האָט אָבער ניט געהאַט קיין שום דערפאָלג; אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָט זי זיך געשלאָסן, אַוועקגייענדיק די מערסטע שילער אין אַנדערע שולן.

## שלום עליכם קינדער שול

אין דעם יאָר 1940 האָט דער פאָלקס צענטער געגרינדעט אַ קינדער־שול: די ,,שלום עליכם שול''. עס איז געווען אַן עלעמענטאַר שול פון פולע זעקס גראַדן. די אַלגעמיינע געגנשטאַנדן זענען געגעבן געוואָרן לויט די פאַרשריפטן פון די אָפיציעלע פּראָגראַמען פון בילדונגס מיניסטעריום. דורך די אידישע לימודים האָט מען פאַרמירט די שילער אין אידישיסטיש לינקן גייסט, לויט דער ליניע פון פאָלקס־צענטער. האָט געהאַט ביי אַ 80 שילער; די גרעסטע מערהייט פון זיי קינדער פון דעם אַרבעטער קלאַס, אָדער ניט קיין פאַרמעגלעכע קליין־הענדלער. די שול האָט עקזיסטירט 9 יאָר, ראַנגלענדיק זיך שטענדיק מיט די עקאָנאָמישע און אַנדערע שוועריקייטן. אין 1949־טן יאָר האָט זי זיך געשלאָסן.

דריי פאַקטאָרן האָבן געווירקט, אַז די שול זאָל זיך שליסן:

1) די אַקטיוויטעטן אין פאָלקס צענטער זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס האָט געווירקט אויף דער שול סיי מאַטעריעל, סיי מאָראַליש.

2) די עלטערן פון די שילער זענען באַשטאַנען מערסטנס פון דעם אָרעמן שיכט און זיי האָבן אַליין ניט געקענט אויסהאַלטן די שול. אַ סך שילער האָבן געלערנט אינגאַנצן פריי אָן שכר לימוד, און אַנדערע האָבן יאָ געצאָלט, אָבער דער אָפּצאָל איז געווען אַ נידעריקער.

3) עס זענען זיך צעגאַנגען די אידישע לערער פון שול. אַ טייל האָט די צענטער שול צוגענומען, זייענדיק אומשטאַנד צו צאָלן גרעסערע שכירות האָט זי געקענט אייניקע לערער אַריבערציען צו זיך; און אַנדערע זענען זיך צופאָרן קיין אויסלאַנד.

אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי די שול האָט זיך געפונען, האָט זי ניט געקענט ווייטער עקזיסטירן.

## „די מאָדערנע אידישע שול״

אין 1944 גרינדעט זיך אויף פּריוואַטער איניציאַטיוו, אַ נייער אידישער לערן אנשטאַלט אין קובאַ, די „מאָדערנע אידישע שול״. די גרינדערין איז דראַ. אידאַ גלעזער־קאַסטיעל, גראַדואירטע אויף דעם פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט אין דער היגער נאַציאָנאַלער אוניווערזיטעט.

מיט דער גרינדונג פון דער מאָדערנער אידישער שול האָט געשטרעבט די דראַ. גלעזער לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ מאָדערנעם אידישן שול וועזן אין קובאַ. זי איז פריער געווען אַ לערערין אין אַ היגער אידישער שול און זי האָט גוט געקענט דעם אופן פון דעם לערנען און דערציען די אידישע קינדער אין קובאַ. זי האָט איינגעזען, אַז עס איז נויטיק געווען אַ רעפאָרם אויף דעם דאָזיקן געביט. זי האָט געהאַפט אוועקשטעלן די אידישע דערציאונג אין קובאַ אויף מאָדערנע באַזעס, לויט מאָדערנע טעאָריעס פון פּריכאָלאָגיע און דערציאונג.

דער אידעאַל פון דער דראַ. גלעזער איז געווען, שאַפן אַ עלעמענטאַרע און מיטל־שול. זי האָט אָבער אָנגעהויבן בלויז מיט קינדערגאַרטן און 1־טן גראַד. דער מאָטיוו איז געווען אָנווענדן אַ נייעם דערציאונגס סיסטעם אויף קינדער, וואָס האָבן נאָך ניט באַקומען קיין איינפלוס פון אַנדערע לערן אַנשטאַלטן, און מיט די דאָזיקע שילער אַלס הויפּט עלעמענט פאָרמירן די שול. דער פּרואוו האָט זיך איר איינגעגעבן. פון דעם יאָר 1944, ווען זי האָט זיך געגרינדעט, ביז דעם איצטיקן קורס, איז געלונגען צו פאָרמירן — צוקומענדיק יעדן יאָר אַ נייעם גראַד — אַ קאָמפּלעטע עלעמענטאַר שול (זעקס גראַדן) און אויך דעם ערשטן יאָר מיטל־שול.

די דראַ. גלעזער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם צווייטן יאָר מיטל־שול, ווייל עקאָנאָמיש איז עס אוממעגלעך פאַר אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג, מעג די שול לייטערין זיין אַזאַ אידעאַליסטן ווי עס איז די דראַ. גלעזער, וועלכע האָט אויסגענוצט איר גייסט און ענערגיע, אַז די שול זאָל ווערט זיין דער נאָמען, וואָס זי טראָגט: „מאָדערנע אידישע שול״.

צו ענטוויקלען די מאָדערנע אידישע שול האָבן אַ סך געהאָלפן די הערן סימאָן טאַטראַן, וועלכער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער שול־קאָמיסיע, דער ה' סימאָן ביגעלמאַן, דער ה' לעאָן גילפאַרב און אַנדערע. זיי דאַרפן דעריבער האָבן אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג מיט זייער ביי־טראָג צו דער מאָדערנער אידישער דערציאונג אין קובאַ.

די „מאָדערנע אידישע שול״ האָט זיך דעם יאָר פאַראייניקט מיט דער ספרדישער „טעאָדאָר הערצל״ שול, און פונקציאָנירט אונטער אַ נייעם נאָמען: „מאָדערנע אידיש־העברייאישע שול טעאָדאָר הערצל״. באַזיצט אַ גרויסע צאָל שילער צווישן אַשכנזישע קינדער (די מערסטע פון דעם רייכערן שיכט אידן אין קובאַ) און ספרדישע.

## „תחכמוני שול״

הגם מיר האָבן שוין געזאָגט אייניקע ווערטער וועגן דער דאָזיקער שול אין דעם באַריכט וועגן די אַקטיוויטעטן פון דער אידישער קהילה אין קובאַ, ווילן מיר נאָך באַמערקן, אַז די שול איז געשאַפן געוואָרן אויף דער אויסשליסלעכער איניציאַטיוו פון הרב ר' מאיר ראָזענבוים, מיט דעם געדאַנק צו שאַפן אַ מאָדערנע שול מיט אַ רעליגיעזער דערציאונג. נישט לייכט איז די אַרבעט אָנגעקומען, נעמענדיק אין אַכט די פינאַנציעלע שוועריקייטן

ווי אויך ביים צוזאמענשטעלן דעם לערער־פערסאנאל, און די אלגעמיינע שול־איינריכטונג.

די פינאנציעלע שוועריקייטן האבן געשטערט ביים אנפאנג די ריכטיקע ענטוויקלונג פון דעם נייעם תחכמוני אינסטיטוט, דאך האט די שולע באוויזן אין די קנאפע צוויי יאר פון איר עקזיסטענץ צו באקומען א גוטן נאמען אין די רעליגיעזע קרייזן פון ישוב.

היינט צו טאג ציילט די שול 65 שילער, און האט שטארק צו קעמפן פינאנציעל פאר איר וויטערדיקער עקזיסטענץ, און איז געלייטעט דורך דעם גוט פארדינטן פיאנער אויפן געביט פון אידישן שול־וועזן אין קובא, ה׳ יוסף אבראמי.

## דוד בלים (בליזניאנסקי־האלפערן) ע״ה

ווען מיר שרייבן איצט די געשיכטע פון דעם אידישן ישוב אין קובא, ווען מיר האלטן ביים מאכן א דין וחשבון איבער דעם פארגעקומענעם אין דעם אידישן ישוב, מוזן מיר זיך אפשטעלן אויף דער פערזענלעכקייט פון דוד בלים ע״ה, וועלכע האט אליין מיט זיך פארגעשטעלט א שטיק אידישע געשיכטע אין קובא.

ווען מען מאכט א שטודיום איבער דער געשיכטע פון דעם אידישן ישוב אין קובא; ווען מען באטראכט דעם געדאנק, ווי אזוי עס האט זיך געפורמט דער קיבוץ אויף דעם ווייניק באקאנטן — ביז דאן — אנטיליען אינזל קובא; ווען מען שטודירט דעם אופן, ווי אזוי, צוליב וואס און אין וועלכע באדינגונגען עס זענען ענטשטאנען אלע געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס, טרעפן מיר זיך כסדר אן מיטן נאמען: דוד בלים. מיר טרעפן אים שוין אין 1919 פארן קובאנער סענאט אין אזא וויכטיקער מיסיע ווי עס איז געווען זיך ווענדן צו דער קובאנער רעגירונג, אז זי זאל אנערקענען די באלפור דעקלאראציע. מיר טרעפן אים ווידער ביי א וויכטיקער איניציאטיוו אין א יאר ארום, ווען אין נאמען פון די אידן אין קובא דריקט מען אויס דאנקבארקייט דער שפאנישער רעגירונג פאר דער השגחה וואס זי האט געהאט איבער די ספרדישע אידן בעת דער וועלט־מלחמה. מיר טרעפן אים אומעטום, ווען נאר עס האנדלט זיך ביי א וויכטיקער איניציאטיוו פון דעם יאר 1913, ווען ער איז געקומען קיין קובא, ביז 1942, ווען ער איז נפטר געווארן.

כדי מ׳זאל בעסער קענען אפשאצן די אויפטואונגען און פארדינסטן פון דעם ה׳ דוד בלים, ווילן מיר אנווארפן אייניקע שטריכן פון זיין פערזענלעכקייט, זיין קולטורעלע אויסבילדונג, זיין נאציאנאלן געפיל און זיינע עקאנאמישע דערגרייכונגען.

דער ה׳ דוד בלים איז געווען א איד א תלמיד חכם. האט באזעסן אן איינגעבארענעם שכל און א ברייטע אידישע טראדיציאנעלע און מאדערנע וועלטלעכע קולטור.

האט פארמאגט א שטארקן כאראקטער און א דינאמישן טעמפעראמענט.. האט פארמאגט ארגאניזאטארישן טאלאנט. איז געווען דורכגענומען פון א טיפן נאציאנאלן סענטימענט און א ברייט אידיש הארץ. האט באזעסן גרויסע פייאי־

קייטן אין עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, און אַ געזונטן חוש פֿאַר דער רעאַליטעט פֿון דעם לעבן.

דוד בלים איז געבוירן געוואָרן אין זאַבעלין, אַ קליין שטעטל אין גראָדנער גובערניע. ער האָט געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה און האָט דאָרט גע־שמט אַלס עלוי. זיין פֿאָטער איז געווען אַן אַלטמאָדישער, פֿאַנאַטישער למדן, און ער האָט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל ווערן אַ רב. דער יונגער דוד איז אָבער ניט געווען מיט דער זעלבער מיינונג ווי זיין פֿאָטער. ער איז געווען באַאיינפֿלוסט פֿון דער השכלה. אים האָט אינטערעסירט די מאָדערנע רבנות. אויך האָט ער געהאַט אַ דראַנג צו דער וועלטלעכער ליטעראַטור און פּאָעזיע. עס האָט אים געצויגן צו ברייטערע האָריזאָנטן. האָט ער פֿאַרלאָזן די וואָלאָזשינער ישיבה און איז אַוועק — אָן דעם טאַטנס וויסן — קיין דייטש־לאַנד, און איז אַריינגעטראָטן אין דעם ברעסלאַווער ראַבינער סעמינאַר. זיין פֿאָ־טער האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, איז ער גלייך געקומען קיין ברעסלאַו און אים אַרויסגענומען פֿון דעם — פֿאַר אים אַפּיקורסישן — לערן אַנשטאַלט, און אים אומגעקערט צוריק אין דער ישיבה. דוד איז דאָרט אָבער לאַנג ניט פֿאַרבליבן. ער איז ווידער אַוועק; אָבער דאָס מאָל קיין אַמעריקע. קיין עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן האָט ער ניט געהאַט, איז ער אַריין אַר־בעטן אין אַ העמדער־פֿאַבריק ביי זיינעם אַ לאַנדסמאַן. מ'גיט גלייך צו וויסן וועגן דעם זיין פֿאָטער קיין זאַבעלין. דער פֿאָ־טער קומט צופֿאָרן קיין אַמעריקע, וויל נעמען דעם זון אַהיים — דער פֿאָטער איז נאָך כּסדר געווען איינגעשפּאַרט, אַז דוד דאַרף ווערן אַ רב — אָבער עס גיט זיך אים ניט איין. דוד ענטזאַגט זיך ער־פֿילן דעם פֿאָטערס פֿאַרלאַנג, און דאַן באַשליסט זיין פֿאָטער, אַז די גאַנצע פֿאַ־מיליע זאָל אויסוואַנדערן קיין אַרגענטינע, וואו ס'האָט זיך געהאַט אָנגעפֿאַנגען די אידייטע קאָלאָניזאַציע פֿון באַראָן הירש. די משפּחה באַזעצט זיך אין דער ערשטער קאָלאָניע, אין „וויאַ מאָיסעס".

די פֿאַמיליע פֿאַסט זיך ביסלעכווייז צו צו די נייע באַדינגונגען. דער פֿאָטער — הגם ניט אָפֿיציעל — פֿירט אויס די רעליגיעזע פֿונקציעס פֿון אַ רב אין יענער און די שכנותדיקע קאָלאָניעס. ער האַלט אויף אידישקייט צווישן די אידן פֿון דעם גאַנצן געגנט. די איבעריקע מיטגלידער פֿון דער משפּחה פֿאַרנעמען זיך מיט אַגריקולטור. די אינגערע מיטגלידער, די געבוירענע אין אַרגענטינע, גייען איבער אין שטאָט, בלויז איניקע בלייבן אין דער קאָלאָניע. די פֿון שטאָט לערנען זיך לי־בעראַלע פּראָפֿעסיעס.

דוד אָבער קען זיך ניט איינלעבן אין דער נייער סביבה, ניט בלויז אין דער קאָלאָניע, נאָר אין שטאָט אויך ניט. און ער פֿאָרט אַרויס. ער הויבט אָן וואַנדערן איבער לאַטיין אַמעריקע. ער באַזוכט און וואוינט אַ געוויסע צייט אין יעדן לאַנד. חוץ אין אַרגענטינע, וואו ס'האָט זיך דאַן אָנגעהויבן בילדן אַ אידישע קבוץ, זע־נען נאָך קיין אידישע ישובים ניט גע־ווען. ס(האָבן זיך געפֿונען צווייט, דאָ און דאָרט, איינצלנע משפּחות און יחידים. בלים, וואו נאָר ער קומט, באַמיט ער זיך וועקן דעם אידישן באַוואוסטזיין און סענטימענט. אַן אָרגאַניזירט אידיש לעבן איז נאָך דעמאָלסט ניט מעגלעך געווען צו פֿאָרמירן.

אומעטום וואו בלים באַזעצט זיך, ענטוויקלט ער מיט גרויס ענערגיע זיינע עקאָנאָמישע ענינים. אין טשילע, צ. ב. פֿאַנגט ער אָן — קען מען זאָגן — די מעבל אינדוסטריע. בכלל איז זיין ביי־טראָג צו דער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער אַ באַדייטנ־דער. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן אויך צו דער ענטוויקלונג פֿון דעם אינטער־

אַמעריקאַנער האַנדל. מ'קען זאָגן, אַז ער איז געווען איינער פון זייער ערשטע אונטערנעמער. אין קובאַ האָט ער זיך הויפּטזעכלעך אויסגעצייכנט אַלס פאַר־שפּרייטער פון די היגע פאַבריצירטע אַר־טיקלען צווישן די אַנדערע רעפּובליקן אויך איז וויכטיק דעם איינפלוס, וואָס עס האָט געהאַט פאַרן לאַנד דאָס אָריענ־טירן און אויסלערנען אַ סך פון די היגע אינדוסטריעלע פירמעס ווי אַזוי צו אָנ־פירן דעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל.

דוד בלים האָט פאַרנומען הויכע עקאָ־נאָמישע פּאָזיציעס, און זיין פאַרמעגן האָט געשטיגן. איידער ער איז געקומען קיין קובאַ האָט ער אַ צייט געוואוינט אין מעקסיקע. דאָרט האָט ער געהאַט אַ פּריוואַטע באַנק. אין 1911, צוליב די פּאָליטישע אומרוען וואָס עס קומען דאַן פאָר אין יענעם לאַנד, פאַרלירט בלים זיין באַנק און דעם גאַנצן פאַרמעגן. ער אַנט־לויפט קוים מיטן לעבן — צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע — אַ דאַנק דער הילף פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסול. ער קומט אָן קיין אַמעריקע. אָבער ער פילט זיך דאָ פרעמד. ער איז אָפּ אַ קורצע צייט און פאָרט אַוועק קיין קובאַ. דאָס איז געווען אין 1913. ער פאַרנעמט זיך דאָ מיט מסחר. ער פאַרטרעט אַ גרויסע צאָל צפון אַמעריקאַנער פאַבריקן פון לוקסוס אַר־טיקלען און גאָלד. ער ווערט שנעל צוריק רייך.

וואו נאָר בלים קומט, נעמט ער זיך גלייך בויען און ענטוויקלען דעם אידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן (וואו נאָר עס איז פאַראַן אַ מינימאַלסטע מעגלעכקייט). מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אַז ער האָט זיך משתדל געווען אין דעם קובאַ־נער קאָנגרעס פאַר דער באַלפור דעקלאַ־ראַציע און אַנדערע אָפיציעלע וויכטיקע ענינים. אין יאָר 1917 גרינדעט ער — מיט גרויסע שוועריקייטן מצד די אידן דאָ — די „יאָנג מענס היברו אַסאָסייישאָן".

איז אַ פאַרמיטלער צווישן די ספרדים און די אַמעריקאַנער אידן, ווען די ווילן ניט מקבר זיין די ספרדישע מתים. שאַפט דורך דער „י. מ. ה. א." דערנענטערונג צווישן די אשכנזים און די ספרדים. דער ה' בן סעניאָר אַרבעט מיט אין דער דאָ־זיקער זאַך. העלפט בויען דעם אידישן צענטער; גרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע; העלפט ענטוויקלען די קינדער־שול ביים צענטער, און האָט כסדר השגחה איבער דער אידישער דערציאונג אין קובאַ ביז אַ סך יאָרן שפּעטער. העלפט די אי־מיגראַנטן פון זיין אייגענעם פאַרמעגן, און זעט אויך אַז אַנדערע זאָלן געבן. צו בליסן פלעגט מען זיך ווענדן נאָך הילף, נאָך אַן עצה און נאָך אַ טרייסט־וואָרט. און בלים האָט געגעבן מיט פולן האַרץ און ברייטער האַנט. בלים איז געווען רייך און געהאַט אַ שם פאַר אַ וואוילטעטיקן, גוטהאַרציקן און קלוגן מענטש. עס איז אויך געווען באַקאַנט, אַז ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען דאָ אין לאַנד סיי מיט די אידישע סעקטאָרן, סיי מיט די קובאַנער קאָמערציעלע און אָפיציעלע קרייזן. בלים האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט די פאַרייניקטע שטאַטן, און זיינע אייגענע אָפיסן אין ניו־יאָרק פלעגט ער אויסנוצן — האָבנדיק דערביי היפּשע אויסגאַבן — פאַר דעם צוועק צו אויסזוכן קרובים אין אַמעריקע, אָדער איבערשיקן געלט פאַר די אימיגראַנטן אין קובאַ.

בלים איז געווען דער ערשטער איד אין קובאַ, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק — און אַ רייכע — פון אַלערליי ביכער: אידישע, העברייאישע, רוסישע, שפּאַנישע און רעליגיעזע ספרים. בלים איז געווען דער, וואָס האָט געמאַכט אַ התחלה פון שאַפן אַ אידישע ביבליאָטעק אין קובאַ. ער האָט זיינע אייגענע פאַרשיידענע און ווערטפולע ביכער געשיינקט דעם אידישן צענטער, וואָס האָט זיך דאַן געגרינדעט.

בלים איז אויך געווען דער ערשטער איד אין קובא, וואָס האָט געשריבן אין דער האוואַנער פּרעסע אין דער שפּאַני־שער שפּראַך. בלים האָט אויך געשריבן אין דער היגער אידישער פּרעסע: אין ,,האוואַנער לעבן'', און אַנדערע פּרעסע־אָרגאַנען.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט בלים נאָך געאַרבעט פאַר געזעלשאַפטלע־כע צוועקן, הגם ער איז געווען אַלט און קראַנק און עקאָנאָמיש געפאַלן. אויך האָט **ער איבערגעלעבט אַ פאַמיליען טראַגעדיע.** די אויפגעקומענע פירער פון דעם געזעל־שאַפטלעכן לעבן האָבן ניט שטענדיק אָפּגעשאַצט זיין אויפטו פאַר דעם היגן אידישן ישוב און מ'האָט אים באַטראַכט מיט ביטל און אפילו מאַנכעס מאָל אים באַליידיקט.

נאָך זיין טויט האָט מען אים ערשט גענומען אָפּגעבן כבוד — ווי עס געשעט אָפט. מען האָט זיך ערשט דאַן אַרומ־געזען, ווער עס איז געווען דוד בלים און וואָס ער איז געווען פאַר דעם אידישן ישוב אין קובא. מ'האָט גענומען פאַר־הערלעכן זיין ליכטיקע געוועזענע פּער־זענלעכקייט. מ'האָט גענומען אויסרעכע־נען זיינע אַלע מעלות, אַלע זיינע פאַר־דינסטן פאַרן היגן ישוב: די גרויסקייט פון זיין גייסט, די גוטסקייט פון זיין אידישן הארץ. מ'האָט ערקלערט אַ דריי טאָגיקן טרויער אין דער אידישער געזעל־שאַפט, און מ'האָט אַלע ווי איינער גע־זאָגט:

דער זיידע פון ישוב איז געשטאָרבן.

ת. נ. צ. ב. ה.

# צענטראַל־קאָמיטעט פון די אידישע אינסטיטוציעס

דעם 29־טן יוני 1939, האָט זיך גע־גרינדעט אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּער־שאַפט פון די אידן אין קובא, דער ,,צענטראַל קאָמיטעט''. אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען אין קובא דורך פּאַמפּ־לעטן, דורך די באַרימטע ראַדיאָ טראַנס־מיסיעס פון פּראָהיאַס און אַנדערע מיט־לען. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע העצעס זענען געווען פּראָוואָצירט און געשטיצט ורך דער שפּאַנישע פאַלאַנכע, וואָס האָט געהאַט אָנהענגער אין קובא. עס האָט זיי געדינט אַלס מאָטיוו די דעמאָלסט נייע אימיגראַציע, די אַנטלאָפענע פון דעם **נאַצי היטלעריזם**, און שפּעטער — ספּע־ציעל — די אָנגעקומענע מיט דער שיף ,,סאַן לואיס''. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז דעריבער ענטשטאַנען, כדי צו באַ־קעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם אין קובא. שפּעטער, לויט ווי די אומשטענדן האָבן עס געפאָדערט, האָבן זיך זיינע צילן גע־ביטן און אויסגעברייטערט געוואָרן, ווי מיר וועלן דאָס ברענגען אין דער דאָזיקער אַרבעט.

ווי אַזוי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט דער צענטראַל־קאָמיטעט?

דער צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען פאָרמירט דורך אַלע אידישע אינסטיטו־ציע־ס אין קובא, איינשליסנדיק אויך די פון פּראָווינץ. אַלע אינסטיטוציעס האָבן געהאַט דאָס רעכט שיקן צוויי פאָר־שטייער. דער צוזאַמענשטעל פון די דע־לעגירטע האָט פאָרמירט די ,,אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג'', וואָס איז געווען די, וועל־כע האָט אויסגעוויילט דעם עקזעקוטיוו.

דער ערשטער עקזעקוטיוו:

פּרעזידענט — הערמאַן בעלער.

1־טער וויצע־פּרעזידענט — י. קאָר־שאַנסקי.

2־טער וויצע־פּרעזידענט — י. גאָד־לעס.

סעקרעטאַר — דר. דיאַניסיאָ קאַס־
טיעל.
וויצע־סעקרעטאַר — ס. מ. קאַפּלאַן.
קאַסיר — טשאַרלעס שאַפּיראָ.
וויצע־קאַסיר — ע. שטראַוס.
וואָקאַלן: דוד כיימאָוויטש, מאַרקאָס
פּיטשאָן, דר. משה מיטראַני, א. גייפּמאַן,
העלאַ פיגלער, משה שלעזינגער און מאַר־
קוס עפּשטיין.

## אויפטואונגען

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אַרויס־
געגעבן פאַרשיידענע פלוג בלעטלעך, כדי
צו באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם; האָט
אַרויסגעגעבן אַ בראָשור וועגן די אידן
בכלל און ספּעציעל די פון קובאַ, געשריבן
דורך דעם קובאַנער אָנגעזעענעם אינטע־
לעקטואַל, דר. פערנאַנדאָ אָרטיז; און
אייניקע מאָנאַטן צייט אויסגעהאַלטן אַ
ראַדיאָ טראַנסמיסיע, אָנגעפירט דורך דר.
איסאַאַק אַלוואַרעז דעל רעאַל. דער צענט־
ראַל־קאָמיטעט האָט זיך אויך משתדל
געווען פאַר די פליכטלינגען פון דער שיף
„סאַן לואיס", אָבער אָן קיין שום רע־
זולטאַט. די אַמעריקאַנער אידישע געזעל־
שאַפטן האָבן דאַן געשיקט פון דאָרט אַן
אַדוואָקאַט. אויך ער האָט גאָרניט געקענט
אויפטאָן אין דעם דאָזיקן פאַל, און די
שיף מיט די נאָענט צו 500 פליכטלינגען
— הגם זיי האָבן געהאַט ערלויבענישן
צו לאַנדן אין קובאַ אַלס טוריסטן — איז
צוריקגעשיקט געוואָרן קיין אייראָפּע.

## צווייטער עטאַפּ פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט

דער אויסברוך פון אַנטיסעמיטיזם אין
קובאַ איז געווען אַ צייטווייליקע דערשיי־
נונג, וואָס האָט געדויערט בלויז אייניקע
מאָנאַטן. דער צענטראַל קאָמיטעט האָט
אָנגעפאַנגען זיין צווייטן עטאַפּ; האָט
דורכגעפירט אַנדערע אַקטיוויטעטן; האָט
געזאַמלט שטיצע פאַר די אַליאירטע
פעלקער און פאַרן אַנטי פאַשיסטישן קאָ־
מיטעט; דורכגעפירט קאַמפּיינען פאַר ארץ
ישראל; אויך זיך באַטייליקט אין דער
אַלגעמיין קובאַנער זאַמלונג פאַרן רויטן
קרייץ, און האָט ביי יענער געלעגנהייט
געשענקט אַן אַמבולאַנס אויפן נאָמען פון
די אידן אין קובאַ. אין דער דאָזיקער
עטאַפּ איז אין דער שפּיץ פון צענטראַל
קאָמיטעט געשטאַנען דער ה' הערמאַן
הייזלער. די אַקטיוויטעטן אין דער
פעריאָד זענען געווען פון גרויסער באַ־
דייטונג, נעמענדיק אין אַכט די אַלגע־
מיינע לאַגע פון דער וועלט. צווישן די
אַקטיוויטעטן זענען געווען אַזעלכע, וואָס
האָבן פאַרשאַפט כבוד די אידן פון קובאַ.
ווי עס איז געווען צום ביישפּיל דער פאַל
מיט אַ קאַמפּיין, וואָס דער גובערנאַטאָר
פון דער האַוואַנער פּראָווינץ, דר. ראַפאַעל
גואַס אינקלאַן, האָט פּראָקלאַמירט פאַר
דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט צווישן
פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. עס האָט זיך
דאַן באַקומען, אַז די אידישע געזעלשאַפט
האָט געזאַמלט אַ גרעסערע סומע געלט ווי
די שפּאַנישע אינסטיטוציעס. און ווען
דער פּרעזידענט פון צענטראַל קאָמיטעט,
ה' הערמאַן הייזלער, האָט איבערגעגעבן
דעם טשעק פון דער זאַמלונג ($5.000)
בעת אַ פייערלעכן אַקט אין „גאָביערנאָ
פּראָווינציאַל", האָט זיך דער גובערנאַ־
טאָר אויפגעהויבן און עפנטלעך אויסגע־
דריקט זיין אָנערקענונג פאַר דער אידי־
שער קאָלאָניע אין קובאַ.

## דריטער עטאַפּ, אָדער רעפאָרם, פון צענטראַל־קאָמיטעט

אין דעם יאָר 1943 קומט פאַר אַ קרי־
זיס אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט, וועל־
כער — מ'קען זאָגן — האָט זיך אָנגע־
פאַנגען שוין גלייך ביים געבורט פון דער

דאָזיקער קערפּערשאַפט. די וויכטיקערע
געזעלשאַפטן: אידישער צענטער, די ציו־
ניסטישע פאַראייניקונג און די האַנדלס־
קאַמער, זענען געווען קעגן דער סיסטעם
פון די וואַלן, וואָס עס איז אָנגעווענדעט
געוואָרן לויט די סטאַטוטן פון דעם צענט־
ראַל קאָמיטעט. לויט די דאָזיקע סטאַ־
טוטן האָט יעדער געזעלשאַפט געהאַט
גלייכע רעכט צו זיין פאַרטראָטן אין דער
„אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג״ און אין עק־
זעקוטיוו. אַלס פועל יוצא פון אָט דער
אומצופרידנהייט זענען אין יאָר 1945
רעפאָרמירט געוואָרן די סטאַטוטן און
געביטן געוואָרן דער נאָמען. ער האָט פון
דאַן אָן געהייסן „צענטראַל ראַט״, אין
שפּאַניש „קאָנסעכאָ צענטראַל״. די נייע
סטאַטוטן האָט אויסגעאַרבעט דער דר.
דיאָניסיאָ קאַסטיעל און זענען איינשטי־
מיק אָנגענומען געוואָרן פון דער אַלגע־
מיינער פאַרזאַמלונג.

די וויכטיקייט פון די נייע סטאַטוטן
איז באַשטאַנען: 1 — אין די נייע צילן,
וואָס די קערפּערשאַפט האָט אָנגעצייכנט;
און 2 — די פאָרם פון צוזאַמענשטעלן
דעם עקזעקוטיוו. עס זענען געגעבן גע־
וואָרן גרעסערע רעכט די דאָזיקע געזעל־
שאַפטן: אידישער צענטער, שבת אחים,
ציוניסטישע פאַראייניקונג, האַנדלס־קאַ־
מער, פאָלקס צענטער, יונייטעד היברו
קאָנגרעגיישאָן און אַסאָסיאַסיאָן דעמאָ־
קראַטיקאַ דע רעפוביאַדאָס.

צווישן די נייע צילן, וואָס די קער־
פּערשאַפט האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט,
זענען די וויכטיקסטע (מאָראַלע): א) מיט־
אַרבעטן מיט די קובאַנער אָרגאַניזאַציעס
פאַר די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע,
פרייהייט און ברידערלעכע באַציאונגען
צווישן אַלע מענטשן אָן דיסקרימינאַציעס
צוליב ראַסע, רעליגיע אָדער נאַציאָנאַ־
ליטעט.

ב) רעאַגירן אויף אַלע אַרויסטרעטונ־
גען קעגן די מאָראַלישע אָדער עקאָנאָ־
מישע אינטערעסן פון די אידן אין קובאַ,
ווי אויך קעגן רעליגיעזער אָדער ראַסן־
דיסקרימינאַציע.

ג) דערהויבן דעם קולטורעלן מצב פון
די אידן אין קובאַ און סטימולירן און
העלפן אַלע אינטעלעקטועלע אָנשטרענ־
גונגען, וואָס עס וועלן געמאַכט ווערן סיי
פון קאָלעקטיוון, סיי פון יחידים, כדי צו
דינען די מאָראַלע און מאַטעריעלע אינ־
טערעסן פון די אידן אין האַוואַנאַ און
די פּראָווינצן.

ד) העלפן ענטוויקלען די אידישע לערן־
אַנשטאַלטן, ביבליאָטעקן, יוגנט קלובן
און יעדע קולטורעלע אָדער קונסט גרו־
פּירונג, פאַרן וואוילזיין פון די גייסטיקע
אינטערעסן פון די אידן אין קובאַ.

ה) נעמע אנטייל אין די קאַמפּיינען
פאַר די לעבן־געבליבענע אידן פון דער
נאַצי פאַשיסטישער מלחמה; ווי אויך
העלפן אַלע נויטבאַדערפטיקע אידן, וואו
זיי זאָלן זיך ניט געפינען.

ו) העלפן די לאָקאַלע פילאַנטראָפּישע
אינסטיטוציעס.

ז) מיטאַרבעטן מיט אַלע אידישע אוּ־
ניווערסאַלע געזעלשאַפטן, הויפּטזעכלעך
מיטן אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס קעמפן
פאַר פרייהייט און גלייכהייט פאַר די
אידן פון אומעטום.

ח) מיטאַרבעטן מיט אַלע דעמאָקראַ־
טישע קערפּערשאַפטן פון קובאַ, ווי אויך מיט
אַלע אידישע געמיינדעס פון דער וועלט,
וואָס פאָדערן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם
זאָל דערקלערט ווערן אַלס אומגעזעצלעך
און באַשטראָפט אין יעדן לאַנד פון דער
וועלט.

ט) מיטאַרבעטן מיט אַלע אידישע גע־
מיינדעס פון דער וועלט פאַר דער אָפּ־
שאַפונג פון דעם „ווייס בוך״ פון דער
ענגלישער רעגירונג, און קעמפן פאַר א
פרייער אימיגראַציע אין ארץ ישראל,
און העלפן אָרט בויען א אידישע היים.

די צילן פון די נייע סטאַטוטן זענען געווען זייער הומאַניטאַרע, זייער דערהויבענע, אין איינקלאַנג מיט די אידישע נאַציאָנאַלע נויטן און מיט די פון דעם אידישן ישוב אין קובאַ. דאָס זעלבע איז אויך געווען דער אַרבעטס־פּלאַן פון דר. דיאָניסיאָ קאַסטיעל (וואָס איז געווען געדרוקט אין „האוואַנער לעבן").

די מאָדיפיצירונג פון די סטאַטוטן האָט פונדעסטוועגן ניט געלייזט דעם עקזיסטירנדיקן קריזיס. די סיבות זענען געווען צופיל איינגעוואָרצלט און קאָמפּליצירט, האָבן געהאַט זייער שורש שוין אין דער ענטשטייאונג פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט.

## סיבות פון דער אויפלייזונג פון דעם צענטראַל קאָמיטעט

1 — קאָנקורענץ צווישן די געזעלשאַפטן, וועלנדיק יעדע איינע איבערשטייגן די אַנדערע (הויפּטזעכלעך די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר די וויכטיקערע). דאָס האָט געגעבן אַלס רעזולטאַט דאָס פעלן פון אייניקייט און קאָאָפּעראַציע.

2 — די אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן ניט געוואָלט צוזאַמען אַרבעטן מיטן פאָלקס־צענטער.

3 — דער סאַמע וויכטיקסטער מאָטיוו איז געווען: ווייל דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט ניט געהאַט קיין עקאָנאָמישע באַזע. די מערסטע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אים צוזאַמענגעשטעלט, האָבן ניט געוואָלט געבן זייער ביישטייערונג, און הגם די ברייטע צילן און אויפגאַבן, ווי אויך דער גוטער ווילן און אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון די פירער, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט ניט געקענט דערגרייכן די צענטראַליזאַציע פון די אידן אין קובאַ.

אין יאָר 1946 האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אָפּגעשטעלט זיינע אַקטיוויטעטן.

## די וויכטיקסטע פירער פון דעם צענטראַל קאָמיטעט

די פירער פון צענטראַל קאָמיטעט פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, זענען געווען — לויט דער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג — די פאָלגנדע:

1) הערמאַן בעלער — פּרעזידענט.
דר. דיאָניסיאָ קאַסטיעל — סעקרעטאַר.

2) הערמאַן הייזלער — פּרעזידענט.
פּיאָדאָר וואַלבע — סעקרעטאַר.

3) מאַרקאָס פּיטשאָן — פּרעזידענט.
דר. דיאָניסיאָ קאַסטיעל — סעקרעטאַר.

4) ראַול מיטראַני — פּרעזידענט.
מאַרקאָס עפּשטיין — סעקרעטאַר.

5) רפאל זילבער — פּרעזידענט.
דר. דיאָניסיאָ קאַסטיעל — סעקרעטאַר.

די סטאַטוטן זענען געענדערט געוואָרן אין דער צייט, ווען דער ה׳ רפאל זילבער איז געווען דער פירער פון דעם צענטראַל קאָמיטעט. אָבער, ביי זיין בעסטן ווילן, און פאַרדינסטפולער אַרבעט, האָט ער — צוליב דער אַלגעמיינער לאַגע צווישן די געזעלשאַפטן, און אויך די עקאָנאָמישע לאַגע פון קאָמיטעט גופא — ניט געקענט פאַרווירקלעכן די אַלע אָנגעצייכנטע אַרבעטס פּלענער.

צווישן די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשטאַנען ביים רודער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ווילן מיר ספּעציעל דערמאָנען דעם דר. דיאָניסיאָ קאַסטיעל, וועלכער איז דריי מאָל געווען סעקרעטאַר פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט און האָט טיכטיק

אנטיילגענומען אין אַלע אַקטיוויטעטן: האָט אויסגעאַרבעט סטאַטוטן און אַר־בעטס פּלענער; האָט געמאַכט לייסטונגען אין די אָפּיציעלע און רעגירונגס־קרייזן, און האָט זיין פּראָפעסיאָנעלע קאַפּאַצי־טעט אַלס אַדוואָקאַט אָנגעווענדעט פאַרן גונסטן פון דעם צענטראַל קאָמיטעט, און במילא פאַר דער אידישער געזעלשאַפט־ליכקייט.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אויס־געפירט זייער וויכטיקע פונקציעס, האָט אָבער ניט געקענט בלייבן אַלס פערמאַ־נענטע צענטראַליזירטע קערפּערשאַפט. ער דאַרף פונדעסטוועגן פאַרצייכנט ווערן אַלס די ערשטע עטאַפּ אויפן וועג פון פאַראייניקונג, אויף אַלע געביטן, פון אַלע אידן אין קובאַ.

# די געשיכטע פון פּאַטראָנאַט

— פון —

## לייב היללער



אין אַ הייסן שבת פאַרנאַכט פון חודש אויגוסט 1947, איז אַ קליין הייפעלע אידן זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ צימער פון בית־עם פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף פּראַדאָ 260. דאָס צימערל האָט דעמאָלסט געדינט פאַר אַ מנין צום דאַוונען פאַר אַ קליינע גרופּע צוגערייזטע אידן, די מערסט'ע פון זיי פּליטים פון בעלגיע און דייטשלאַנד.

מען איז זיך צוזאַמענגעקומען צו אַ ספּעציעל־צוגעגרייטן שלום־סעודות צו פייערן דעם אָפּשייד דעם פּליט פון דייטשלאַנד, דר. ישראל קאָרן, אַ וואַרימער איד און ציוניסטישער עסקן, און אים ווינטשן אַ צאתך לשלום.

די דעמאָלסטדיקע גרופּע איז שוין געווען רעדוצירט און איינגעשרומפּן צוליב אויסוואַנדערונג. האָבן זיך דעריבער די צוויי מנינים פּליטים פון בעלגיע און דייטשלאַנד צוזאַמענגעשמאָלצן אין איין מנין. דערווייסנדיק זיך, אַז דער באַליבטער דר. קאָרן גייט אויך אויסוואַנדערן, זענען דעמאָלסט כמעט אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע געקומען זיך מיט אים געזעגנען. דער שרייבער פון די שורות געדענקט ווי עס וואָלט געווען היינט די פאַרשידענע אָפּשייד־ווערטער, וואָס מען האָט דאָרט געהאַלטן. טיפער פון אַלץ האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון די כמעט אַלגעמיינע קאַלמוטנע שטימונג, וואָס האָט געהערשט ביי דער קליינער באַשיידענער שמחה. מען האָט געפילט, אַז עס גייט צו נעילה מיט די צוגערייזטע. מען צעפּאָרט זיך און דער קליינער קרייז פון פריינט ווערט אַלץ ענגער און קלענער. די לעצטע שוואַכע בין השמשות שטראַלן פון דער שקיעה פון דער זון האָט געמאַכט אַן אומהיימלעכן איינדרוק אויף אַלעמען. מ'האָט גערעדט אַ סך, און מיט ביטערקייט, וועגן דעם שלעכטן מצב פון קובאַנער אידישן ישוב בכלל און פון דער פירערלאָזער אידישער יוגנט בפרט. מען

האָט אונטערגעצויגן אַ סך הכל פון אַלע אַקטיוויטעטן פון די צוגערייזטע מזרח־איראָפּייאישע אידן און מען איז געקומען צום שלום, אַז עס איז באַגאַנגען געוואָרן אַ גרויסער פעלער, וואָס מען האָט ביז איצט געטאָן אַזוי ווייניק צו העלפן אָרגאַניזירן דעם ישוב.

דער פּועל יוצא פון דעם לעצטן געזעגונגס־שמועס איז געווען, אַז דריי מענטשן, ה' טשאַרלי שיינפעלד, ה' מאַרטין קזשינסקי ואני הקטן בתוכם, האָבן אויף זיך גענומען די ריזיקאַלישע איניציאַטיוו צו גיין שאַפן אַ צענטראַלע וועלטלעכע קהילה, אָדער אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט אין ישוב. מען האָט זיך גלייך אויפן אָרט איינגעטיילט מיט די ראָלן. ה' טשאַרלי שיינפעלד, וועלכער איז שוין דעמאָלסט געווען פּאָפּולער אין קובאַנישן אידישן ישוב, זאָל נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ פּרעזידענט פון איניציאַטיוו־קאָמיטעט; דער שרייבער פון די שורות, אַלס סעקרעטאַר פונם דערמאָנטן קאָמיטעט, זאָל אויסאַרבעטן אַ קאָנקרעטן פּלאַן פון אַרבעט; און ה' קזשינסקי זאָל זיין דער קאַסירער.

מען האָט גלייך אויפן שטעל געשאַפן אַ ביסל געלט פאַר פּראָפּאַגאַנדע מאַטעריאַל, און מען האָט תיכף ומיד אָנגעהויבן צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דעם ערשטן צוזאַמענטרעף מיט די קובאַנער אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער.

אויב מיר רעדן איצטער וועגן דער געשיכטע פון פּאַטראָנאַט, קען מען מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז דער דעמאָלסטדיקער שלוש סעודות מיט קנאַפּע פיר יאָר צוריק, איז געווען דער ערשטער פונק, וועלכער האָט מיט דער צייט צעגליט און צעוואַרימט דעם ישוב און געבראַכט צו דער היינטיקער מדרגה, ווען מיר האַלטן שוין ביים אָנפאַנג פון פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוריק געקלונגען ווי אַ חלום, אַן אילוזיע.

## די ערשטע זיצונג מיט די היגע געזעלשאַפטלעכע טוער

דעם 13־טן אָקטאָבער 1947, איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג אין באַנקאָפיס פון ה' טשאַרלי שיינפעלד, אויף זולועטאַ 464. פון 20 אַרויסגעשיקטע איינלאַדונגען זענען געקומען פאָלגנדע:

די ה'ה ס. מ. קאַפּלאַן, קלמן וואָדאָנאָס, אשר אייכענבוים, אַראָן יוקען, סאַלוואַדאָר מיטשעל, אהרן גייצהאָלץ און דער „איניציאַטיוו קאָמיטעט", וואָס איז באַשטאַנען פון ה' טשאַרלי שיינפעלד, ה' מאַרטין קזשינסקי און לייב הילער.

ה' שיינפעלד האָט דערעפנט די זיצונג און ה' ס. מ. קאַפּלאַן האָט אַקטואירט אַלס סעקרעטאַר. דער שרייבער פון די שורות האָט דאַן גענומען אַ וואָרט און געגעבן אַן איבערבליק איבער די פאַרשידענע פּרואוון, וואָס זענען שוין פריער געמאַכט געוואָרן צו קאָאָרדינירן דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן פריער דורכן צענטראַל־קאָמיטעט און שפּעטער דורכן צענטראַל־ראַט, וואָס האָט זיך לײדער נישט איינגעגעבן. נאָכן מאָטיווירן די סיבות פון דעם כאַאָטישן צושטאַנד, וואָס הערשט אויף דער אידישער גאַס צוליב די אָן אַ שיער אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס, וועלכע רעפּרעזענטירן אין סך הכל קיינעם נישט, שלאָגט דער איניציאַטיוו קאָמיטעט פאָר צו זוכן אַ וועג פאַר אַ פאַראייניקונג און אַ צוזאַמענשמעלצונג פון אידישן צענטער און די צוויי עקזיסטירנדיקע רעליגיעזע געמיינדעס „עדת ישראל" און „כנסת ישראל", צוזאַמען מיט די פילאַנטראָפּישע אינס־

טיטוציעס און ,,חסד של אמת'' און ,,בית החיים''. די אַלע אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס זאָלן גלייך אַיינרופן וואַלן פון אַלע זייערע מיטגלידער (נאַטירלעך נישט קיין דובלירטע), און אויסוויילן איין דירעקטיווע פונם גאַנצן ישוב. דער נאָמען פון דער פאַראייניקטער קערפּער־שאַפט זאָל זיין ,,די אידישע צענטראַלע (אָזער וועלטלעכע) קהילה'', און זי זאָל פאַנאַנדערגעטיילט ווערן אין סעקציעס: רעליגיעזע, קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און דערציערישע. די ערשטע פּראַקטישע אויפגאַבן דאַרפן זיין, ערשטנס, אויפצונעמען אַ רב פאַרן ישוב; צווייטנס: בויען אַ בית הכנסת און אַ געביידע פאַר אַלע הצטרכותן פון ישוב; דריטנס, זען צו פאַרהיטן די סכנה, וואָס דראָט דעם המשך פון ישוב, דורך אָרגאַניזירן די יוגנט.

כמעט אַלע אָנוועזנדע, אַחוץ ה' קאַפּלאַן, האָבן זיך באַצויגן סימפּאַטיש צום גאַנצן ענין, כאָטש קיינער האָט נישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן פאָרגעלייגטן פּלאַן, האָט מען אָבער געקענט אַרויסלייענען פון יעדנס פּנים דעם געדאַנק, אַז די ,,דריי גרינע'' קענען נישט דעם ישוב, דערפאַר חלומען זיי פאַנטאַסטישע פּלענער. דאַקעגן, ה' ס. מ. קאַפּלאַן האָט גאַנץ אָפן געזאָגט, אַז דער גאַנצער פּלאַן איז אַן אוטאָפּיע און אַז אַמעריקע איז נישט יוראָפּ. ,,דאָ — האָט ער געזאָגט — איז רעליגיע מיט אַ רב אַ פּריוואַטער ענין פאַר רעליגיעזע אידן''. ווייטער האָט ער געזאָגט, אַז אויך די אַנדערע אינסטיטוציעס מוזן אַרבעטן פאַר זיך, אויטאָנאָם, ווייל דאָס איז דער אַלגעמיינער מאָדערנער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ה' קאַפּלאַן האָט דאַן פאָרגעשלאָגן צו פאַראייניקן בלויז די רעליגיעזע אינסטיטוציעס. דער רעזולטאַט פון דעם ערשטן צוזאַמענטרעף איז געווען, אַז מען דאַרף רופן אַ צווייטע און ברייטערע אסיפה.

## די פאַראייניקונג פון ,,עדת ישראל'' מיט ,,כנסת ישראל''

נאָך צוויי ווייטערע אסיפות זענען מיר, די ,,דריי גרינע'', געקומען צום באַשלוס, אַז דער שיינער פּלאַן אונזערער וועט קיינמאָל ניט דורכגעפירט ווערן, אויב מען וועט נישט אַרבעטן בהדרגה, ד. ה. — שטופנווייז.

האָבן מיר דערפאַר געמאַכט אַ פאַרזוך צו שאַפן, קודם כל, אַ פאַראייניקונג צווישן ,,עדת ישראל'' און ,,כנסת ישראל''. אַזוי ווי ה' קלמן וואָדאָנאָס פון ,,עדת ישראל'' איז געווען גינסטיק גענויגט פאַר אַ פאַראייניקונג, האָבן מיר געזוכט אָנצואווענדן יעדן מעגלעכן איינפלוס ביי דער שוואַכערער ,,כנסת ישראל''. און ווירקלעך, אין אַ שיינעם, מזלדיקן דאָנערשטיק, אָנהויב פעברואַר 1948, איז אין לאָקאַל פון ,,כנסת ישראל'' פאָרגעקומען די אָפיציעלע פאַראייניקונג פוןביידע געמיינדעס אונטערן נאָמען ,,קהילה אחדות ישראל''. ה' קלמן וואָדאָנאָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט, און ה' אהרן מינדיק, פּרעזידענט פון דער פריערדיקער ,,כנסת ישראל'', איז געוואָרן וויצע־פּרעזידענט פון דער פאַראייניקטער קהילה. מען האָט גלייך אויפן אָרט צוזאַמענגעשטעלט אַ פאַראייניקטע דירעקטיווע, אין וועלכער עס איז אויך אַריין דער שרייבער פון די שורות. די אַנדערע צוויי מיטגלידער פון איניציאַטיוו קאָמיטעט ה' טשאַרלי שיינפעלד און ה' מאַרטין קזשינסקי, האָבן איבער דער צייט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

דער ערשטער באַשלוס פון דער ,,קהילה אחדות ישראל'' איז געווען תיכף

אָרונטערצוברענגען אַ רב פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, שאַפן נייע מיטגלידער און אָרגאַניזירן דאָס אידישע לעבן פון ישוב. מיט אַ בליץ שנעלקייט און באַנייטן מוט האָבן זיך די „אחדות ישראל" מנהיגים אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, און שוין דעם ערשטן אַפּריל 1948, האָט מען אויפגענומען הרב מאיר ראָזענבאום אַלס רב פון האַוואַנאַ. דעם 16־טן יוני פון זעלבן יאָר איז פאָרגעקומען דער פייערלעכער אינסטאַלירונגס־אַקט פון אויפנעמען הרב ראָזענבאום פאַרן מרא דאתרא פון ישוב.

מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן האָפן, אַז לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, און האַוואַנאַ וועט באַקומען אַ צורה פון אַ אידישן ישוב. אָנפאַנג יולי 1948, האָט דער שרייבער פון די שורות אויפדראָסניי פאָרגעלייגט פּלענער פון שאַפן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט אין ישוב, אַ רעפּרעזענטאַנץ, וואָס זאָל אָנפירן מיט אַלע הצטרכתן פון אידישן לעבן. אַלס ערשטע אויפגאַבע האָבן מיר ווידער פאָרגעשלאָגן אַ פאַראייניקונג און אַ צוזאַמענשמעלצונג מיטן „אידישן צענטער". דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער דירעקטיווע פון דער „קהילה אחדות ישראל" און עס איז אויפן אָרט אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָאָרדיניר קאָמיטעט פון דריי פּערזאָנען, מיט דעם שרייבער פון די שורות אַלס פּרעזידענט, צוזאַמען מיט ה' קלמן וואַדאָנאָס און הרב ראָזענצווייג. דער קאָמיטעט איז באַפולמעכטיקט געוואָרן צו פאַרהאַנדלען מיט דעם „אידישן צענטער" וועגן שאַפן אַ שטאַרקן פאַראייניקטן פראָנט, וואָס זאָל זיין בכוח דורכצופירן דעם גראַנדיעזן פּלאַן פון בויען אַ בית הכנסת און אַ אידישע היים פאַר דעם גאַנצן ישוב. אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע אָנשטרענגונגען וואָס מיר האָבן געמאַכט, און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר האָבן פריער פּערזענלעך פאַרהאַנדלט מיט דעם דעמאָלסטדיקן פּרעזידענט פון אידישן צענטער, ה' ענריקע בייקאָוויטש, איז פון דעם ענין גאָרנישט געוואָרן. עס האָט געהייסן, אַז דער „צענטער" מוז פאַרבלייבן „אַפּאָליטיש" און קען זיך דערפאַר מיט דער קהילה נישט פאַראייניקן.

## „אחדות ישראל" נעמט די איניציאַטיוו אַליין צו שאַפן די צענטראַלע קערפּערשאַפט

באַין ברירה האָט די קהילה, איינזעענדיק, אַז דורך פאַרהאַנדלונגען וועט גאָרנישט דערגרייכט ווערן, און האָבנדיק פאַר זיך אַ גרויסן, אויסגעוואַקסענעם בוו־זשעט, נישט לאַנג געטראַכט און באַשלאָסן אַליין אָנצוהויבן מיט גרויסער פּראָפּאַגאַנדע צו עפענען די אויגן דעם גאַנצן אידישן ישוב וועגן דעם כאַאָטישן לעבן, וואָס הערשט בכלל אויף דער אידישער גאַס, און די דראָענדיקע סכנה פאַר אַלע עקזיסטירנדיקע אידישע אינסטיטוציעס. די נייע קהילה האָט אויך אָנגעוויזן די געפאַר, וואָס קומט פון אַן אַנדערער ריכטונג: דער פּראָבלעם פון אונזער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, וואָס נעמט אָן קאַטאַסטראָפאַלע פאָרמען דורך מאַסן־דעזערציעס פון אידישן לאַגער.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די לאָקאַלע אידישע פּרעסע האָט געהאַלטן אין איין קריטיקירן די קהילה פירער פאַר אירע צו גרויסע אַפּעטיטן, און מען האָט אויך געראַטן דער קהילה, אַז זי זאָל זיך נישט מישן אין פראַגן, וואָס האָבן נישט צו טאָן מיט קיין רעליגיע, פונדעסטוועגן האָט די קהילה געהאַלטן אין איין וואַקסן, אין כמות און אין איכות, ביז וואַנען זי האָט אָנפאַנג דעצעמבער 1948 דערגרייכט אַ מיטגלידערשאַפט פון דריי

הונדערט און זיבעציק (370), אַנשטאָט דער פריערדיקער צאָל פון 135.

דאָס איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז דער ישוב, אַלס גאַנצער, האָט יאָ אַן אינטערעס אויסצופירן די אָנגעצייכנטע פּלענער פון דער קהילה.

אָנפאַנג 1949 נעמט שוין הרב מאיר ראָזענבאום אויך אַן אַקטיוון אנטייל אין פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פון אַ צענטראַ־לער קערפּערשאַפט. ער איז בכבודו ובעצמו אַליין מיטגעגאַנגען מיט דעם שרייבער פון די שורות און אויך מיט אַנדערע באַלעבאַטים, באַזוכן דעם רייכערן עלע־מענט פון ישוב, כדי פּערזענלעך אויפצו־קלערן די נויטווענדיקייט פון אַ פּאַריי־ניקטן אידישן ישוב. אַנצאָליקע זיצונגען זענען גערופן און אָפּגעהאַלט געוואָרן אין זיין פּריוואַטער וואוינונג, בכדי צו שאַפן די מיטלען אויפצובויען אַ שיינעם בית הכנסת און אַ צענטראַלע דירה פאַר דעם ישוב. די זיצונגען האָבן זיך פאַרצויגן דעם גאַנצן זומער פון 1949. די צאָל מיטגלידער פון דער קהילה איז אויסגע־וואַקסן ביז איבער פינף הונדערט. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת איז סוף חודש אוי־גוסט 1949, באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אַ גרויסע געלט־אַקציע פאַר דעם נייעם בנין. פאַרשידענע פּלענער זענען דער־מאָלסט געמאַכט געוואָרן. טייל האָבן גע־וואָלט, אַז די געלט־אַקציע זאָל פּראָקלאַ־מירט ווערן פון דער קהילה. אַנדערע האָבן געמיינט, אַז די אַקציע זאָל געפירט ווערן דורך אַ פּאַטראָנאַט, וואָס זאָל אויסקויפן אַקציעס און בלייבן באַלעבאַטים איבער דעם בנין.

ביידע פּלענער האָבן זיך אָנגעשטויסן אַן גרויסע שוועריקייטן. ווייל עס איז נאָך דאַן נישט געווען די גענוגנדע אויטאָרי־טעט אויף צו קענען אָנפירן אַזאַ גיגאַנ־טישע אַקציע. אויסער דער קהילה האָבן די אַנדערע אינסטיטוציעס, און דער עיקר דער אידישער צענטער, זיך באַצויגן כמעט פיינטלעך צום גאַנצן ענין. די פּלע־נער זענען דערווייל געבליבן אויפן פּאַפּיר.

## די קהילה פּרובירט איבערצונעמען דעם „אידישן צענטער״

איינזעענדיק, אַז אָן אַ גענוגנדיקער אויטאָריטעט וועט די קהילה אַליין נישט זיין בכוח צו קענען דורכפירן אָט די אַלע פּלענער, און נעמענדיק אין באַטראַכט אַז אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם אידישן צענ־טער איז אויך דערווייל נישט מעגלעך, האָט די קהילה באַשלאָסן צו גיין צו די וואַלן פון אידישן צענטער מיט אַן איי־גענער ליסטע. די דאָזיקע וואַלן זענען פאָרגעקומען דעם 4־טן דעצעמבער 1949.

מען האָט בכיוון אויסגעזוכט קאַנדי־דאַטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין ספּעציפישע קהילה־פאַרב (אַזעלכע, וואָס טראָגן נישט קיין יאַרמלקעס), ווי צום ביישפּיל, די ה׳ה הערמאַן הייזלער, כוליאָ קאַריטי, ענריקע בייקאָוויטש, נחום ראָ־זענצווייג און אַנדערע. מען האָט גע־גלויבט, אַז ווען די קאַנדידאַטן וועלן דורכגיין וועט דער „צענטער״ זיך קענען פאַראייניקן מיט דער קהילה, און אַזוי אַרום האָבן אַ גענוגנדע אויטאָריטעט צו שאַפן די געהעריקע מיטלען פאַר דעם בנין און אויך דורכפירן דעם צענטראַליזאַציע־פּלאַן פון דעם ישוב.

די וואַלן האָבן געטראָגן אַ שטורמישן כאַראַקטער. אַ גוואַלטיקע פּראָפּאַגאַנדע איז געוואָרן געפירט פון ביידע צדדים, די „צענטעריסטן״ האָבן געטענהט אין זייערע פּראָפּאַגאַנדע ליפלעטן, אַז די קהילה וויל אָנטאָן אַ יאַרמלקע דעם גאַנצן ישוב. די קהילה פּראָפּאַגאַנדע האָט אויפ־געוויזן מיט אותות ומופתים, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג צו שאַפן שלום

און אחדות אין ישוב. דער רעזולטאַט איז
געווען, אַז מער ווי איניקע קאַנדידאַטן
האָט די קהילה נישט דורכגעפירט. דער
נייער פּלאַן איז אַזוי אַרום געפאַלן אין
וואַסער. דערפאַר איז אָבער אין אַ פּאָר
טעג שפּעטער, דאָנערשטיק דעם 8־טן
דעצעמבער, אין דער וואוינונג פון הרב
ראָזענבאום, פאָרגעקומען אַן אַנטשיידענע
זיצונג, ביי דער אַנוועזנהייט פון צוועלף

מיט וואַרימע און איבערצייגנדע ווער־
טער, האָט דער חשובער רב דעמאָלסט
אויפגעפאָדערט די אָנוועזנדע איינצוזאַלן
דאָס האַנט־געלט פון צען טויזנט דאָלער,
בכדי צו זיכערן דעם קויף פונם הויז.
דער ה' כוליאַ קאַריטי האָט זיך אַלס דער
ערשטער אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז
אויב מען וועט חס ושלום פאַרלירן די
גאַנצע איינגעצאַלטע סומע, וויל ער זיין



**אַ בילד גענומען ביים אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט פון דעם געקויפטן בנין**

פון לינקס צו רעכטס, זיצנדיק: ה'ה מאַקס שוואַרץ, הערמאַן בערעזינסקי, הרבנית ראָזענבוים, דער נאָטאַר אַדאָלפאָ דעלגאַדאָ, הרב ראָזענבוים, יוסף ראַבינאָוויטש, הערמאַן הייזלער, אליעזר ברינבערג, לייב הילער; שטייענדיק, פון לינקס צו רעכטס: וואָלף שאַפּטאַל, מאָרים בערעזדיווין, זישע אַבראַמי, יוסף שאַפּטאַל, פּאַביאַן וויים. עס פעלן פון די איניציאַטאָרן די ה'ה: כוליאַ קאַריטי, שמעון אַטראַן, נחום ראָזענצווייג, משה קאָלער.

פּערזאָן, וועלכע האָבן באַשלאָסן דעם
גורל פון אידישן ישוב אַליין צו נעמען אין
האַנט אַריין און דורכפירן דעם קויף פון
דעם בנין אויף קאַיע „אי״ און 13, אין
וועדאַדאָ, פאַר 145.000 דאָלער. דאָרטן,
וואו עס בויט זיך איצטער די אידישע
היים.

דער ערשטער צו פאַרלירן זיינע טויזנט
דאָלער. ה' הערמאַן הייזלער האָט דער־
קלערט, אַז אויב מען וועט איצטער מיט
מסירות נפש נישט דורכפירן די קויף־
אָפּעראַציע, וועט מען אוודאי קיינמאָל
נישט מער קענען בויען אַ ריכטיק אידיש
לעבן אין קובאַ. אַלע אַנדערע אָנוועזנדע

האָבן זיך גלייך בייגעשטייערט, און אויפן
אָרט געשאַפן די סומע פון צען טויזנט
דאָלער. עס איז גלייכצייטיק באַשלאָסן
געוואָרן צו קויפן דעם בנין אויפן נאָמען
פון א פּאַטראָנאַט. יענער דאָנערשטיק
אָוונט פון 8־טן דעצעמבער 1949, דאַרף
אַריינגעשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון
קובאַנער אידנטום אַלס א היסטאָרישע
דאַטע פון גרעסטן באַדייט. און דערפאַר
ווילן מיר אויך פאַרצייכענען די ערשטע
צוועלף פּאַטראָנאַט־מיטגלידער מיט זייע־
רע נעמען:

כוליאַ קאַריטי, הערמאַן הייזלער, סי־
מאָן סאַטראַן, נחום ראָזענצווייג, פּאַביאַן
וויס, כאָסע ראַבינאָוויטש, אליעזר ברינ־
בערג, הערמאַן בערעזינסקי, משה בערעז־
דיווין, משה קאַלער, וואָלף שאַפּטאַל און
לייב הילער. פון דעם אָוונט האָט זיך
אָנגעהויבן א נייע תקופה אין אידישן
ישוב פון קובאַ.

## די ערשטע טריט פון פּאַטראָנאַט

אין א מזלדיקער שעה איז מאָנטיק
דעם 19־טן דעצעמבער 1950, אין אָפּיס
פון דעם נאָטאַר, אַדאָלפאָ דעלגאַדאָ,
דורכגעפירט געוואָרן די אָפיציעלע קויף־
אָפּעראַציע..

אין דעם מאַניפעסט צום אידישן ישוב,
וואָס איז דערשינען אין דער צייטונג
„אונזער שטים", פון מיטוואָך דעם 21־טן
דעצעמבער, זאָגט זיך, צווישן אַנדערן, אַז

„מאָנטיק, דעם 19־טן דעצעמבער,
וועט בלייבן א היסטאָרישע דאַטע
אין דער געשיכטע פון אידישן
ישוב פון קובאַ, ווייל אין דעם טאָג
איז פאַרווירקלעכט געוואָרן איינע
פון די אויסגעבענקטע האָפנונגען
פון דעם ישוב: צו האָבן אַן איי־
גענעם בנין, וואָס זאָל באַנוצט
ווערן פאַר א בית הכנסת, זאַלן
פאַר אידישע שמחות און פאַראַנ־
שטאַלטונגען און קלובן פאַר דער
יוגנט, און אויך א פּלאַץ פאַר אַלע
געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן".

דעם 28־טן יאַנואַר 1950, ווערט גע־
וויילט די ערשטע פּראָוויזאָרישע דירעק־
טאָריע פונם נייעם געשאַפענעם בוי־קאָמי־
טעט. ה' הערמאַן הייזלער ווערט איינ־
שטימיק אויסגעוויילט אַלס פּרעזידענט.

די ווייטערע אַנטוויקלונג האָט פּראָ־
גרעסירט מיט א שנעלן טעמפּאָ. עס זענען
באַלד צוגעקומען נייע מיטגלידער פון
גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם, וועלכע
האָבן אויסגעאיבט א גרויסן איינפלוס
אויפן גאַנג פון דער ווייטערדיקער אַר־
בעט, צווישן זיי דער אָנגעזעענער סוחר
און געזעלשאַפטלעכער טוער, ה' איסאַק
גורוויטש, און די ה'ה בען דיזיק, ענריקע
בייקאָוויטש, מאַקס שוואַרץ, כאָסע פער־
קאַל, ענריקע קאַלושין א. אַנד. יעדן זונ־
טיק זענען פאָרגעקומען זיצונגען אין דער
נייער געביידע, ביי וועלכע עס זענען
אַרומגערעדט געוואָרן די מיטלען אַריינ־
צוקריגן נייע מיטגלידער אונטער דעם
סלאָגאַן, אַז מען וועט ענלעך פּראָווון צו
רעאָרגאַניזירן דאָס גאַנצע אידישע געזעל־
שאַפטלעכע לעבן אין ישוב.

די אַרבעט איז נישט אָנגעקומען
לייכט. ווייל אינצווישן האָט אָנגעהויבן
אויפפלאַקערן א קאַמף מצד פאַרשידענע
אינסטיטוציעס קעגן דער נייער קערפּער־
שאַפט. מען האָט פאַלש פאַרשטאַנען די
צילן פון דער נייער באַוועגונג, גלויבנדיק,
אַז די נייע קערפּערשאַפט, וועלכע האָט
נאָך דערמאָלסט געטראָגן דעם נאָמען „בוי־
קאָמיטעט פאַר דעם נייעם בנין", וויל
מיט כוח דאָמינירן דעם אידישן ישוב.

דער שרייבער פון די שורות איז דער־
מאָלסט אַרויסגעקומען מיט א גאַנצע סע־
ריע אַרטיקלען, וועגן דער נויטווענדיקייט

צו צענטראַליזירן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ישוב. אונטער דעם קעפּל „די יסודות פון אַ צענטראַלער קערפּער־שאַפט״, דערשינען אין דער וואָכנצייטונג „אונזער שטים״, פון 4־טן יאַנואַר 1950, האָבן מיר קלאָר און דייטלעך אָנגעוויזן, אַז די איניציאַטאָרן פון דעם צענטראַלי־זירונגס־געדאַנק האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז איבערבויען דעם גאַנצן פונדאַמענט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף אַ צענטראַליזירטער באַזיס, הייסט מאַכן אַ „רעוואָלוציע״ פון דעם גאַנצן סיסטעם פון געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַר די לעצטע זיבן און צוואַנציק יאָר, וואָס דער ישוב עקזיסטירט אין קובאַ. מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז עס מוז פאַר דעם ישוב קלאָר ווערן, צו מאַכן ענדלעך אַן אומבייט אין דעם איינגעוואָרצלטן גע־דאַנק פון פולשטענדיקער אויטאָנאָמיע, וואָס האָט געהערשט ביז היינט צו טאָג ביי די געזעלשאַפטלעכע טוער פון די פאַרשידענע אינסטיטוציעס. דער אַלטער סיסטעם האָט דערפירט צו אַ טיילווייזער פאַראַליזירונג אין פּראָצעס פון אַנטוויק־לונג. אַלס פועל יוצא דערפון זענען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז די צענטראַלע קערפּערשאַפט קען ניט זיין באַזירט אויף פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע אינסטי־טוציעס, נאָר מוז ווערן געוויילט דירעקט פון ישוב.

מיר האָבן ניט געהאַט קיין טעות, ווען מיר האָבן די נייע אָריענטאַציע באַצייכנט מיט דעם וואָרט „רעוואָלוציע״, ווייל אַ שטורם מיט אַטאַקעס, באַגלייט מיט פּער־זענלעכע זלזולים און בלבולים האָט דער בעל מחבר באַקומען אַלס ענטפער פון דער לאָקאַלער פּרעסע. מ׳האָט זאָגאַר גע־זוכט מיט אַלע מיטלען דעם נייעם „משיח״ (אַזוי האָט מען מיך באַטיטלט) אינגאַנצן צו באַזייטיקן פון געזעלשאַפט־לעכן לעבן. דער ישוב האָט אָבער פּאָזי־טיוו זיך באַצויגן, און יעדע וואָך זענען צוגעקומען פרישע אָנהענגער פאַר דער נייער אידייע. דעמאָלסט האָט אויך דער „בוי קאָמיטעט״ אַרויסגעלאָזט אַן אויפ־רוף, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „אונזער שטים״ מיטוואָך דעם 15־טן פעברואַר 1950, צו דער אידישער עפנט־לעכקייט, וואו עס ווערט, צווישן אַנדערן, געזאָגט:

„מיר ווילן דערפאַר פעסטשטעלן עפנטלעך, אַז דער בוי־קאָמיטעט און די „קהילה אחדות ישראל״ איז נישט דאָס זעלבע. דער בוי־קאָמיטעט איז פולשטענדיק אוי־טאָנאָם און האָט אַלס אַזעל־כער אַ רעכט צו וועלן פּרובירן מיט דער צייט צו פאַראייניקן אַלע אינסטיטוציעס אין איין שטאַר־קער צענטראַלער קערפּערשאַפט פאַר דעם גאַנצן ישוב״.

ביים היינטיקן טאָג איז נישט זייער וויכטיק אויסצוזוכן אַלטע אומאַנגענעמע זכרונות. מיר האַלטן אָבער פאַר נויטיק צו פאַרצייכענען אייניקע עפּיזאָדן, ווייל מיר גלויבן, אַז געשיכטע דאַרף נישט גע־פעלשט ווערן.

## די סטאַטוטן־קאָמיסיע ביי דער אַרבעט

דעם גאַנצן חודש פעברואַר פון 1950 האָט די סטאַטוטן־קאָמיסיע פון פּאַטראָ־נאַט, אונטערן פאָרזיץ פון ה׳ ענריקע קאַ־לושין, געאַרבעט אָן אונטערברעכונג. אַ זייער וויכטיקן אַנטייל ביים אויסאַרבעטן די סטאַטוטן פאַרנעמען די ה׳ה איסאַק גורוויטש, בן ציון דיזיק, פאַביאַן ווייס, לעאָן גילפאַרב און דער שרייבער פון די שורות.

נאָך מערערע זיצונגען האָט די סטאַ־טוטן־קאָמיסיע אָנגענומען די פאָרשלאָגן פון ה׳ איסאַק גורוויטש, וועלכער האָט די גאַנצע אידעאָלאָגיע פון פּאַטראָנאַט פאָרמולירט אין די סטאַטוטן.

דעם 17־טן מערץ 1950 ווערן די סטאַ־
טוטן איינשטימיק אָנגענומען. דער „בו־
קאָמיטעט'' קריגט דאַן אָפיציעל דעם נאָ־
מען „פּאַטראָנאַט פון דער געביידע פאַר
דעם אידישן ישוב פון קובאַ''. צוליב דעם
ישראל קאַמפּיין, וואָס גייט דאַן אָן, גייט
די אַרבעט פון ווערבירן נייע מיטגלידער
פאַרן פּאַטראָנאַט צו זייער לאַנגזאַם. דעם
5־טן מאַי 1950 האָט דער פּאַטראָנאַט
נישט באַזיצנדיק די פולע סומע פון 145
טויזנט דאָלער, וואָס די געביידע באַ־
טרעפט, אויפגענומען אַ היפּאָטעק פון 70
טויזנט דאָלער, און דעם זעלבן טאָג איינ־
געצאָלט דעם גאַנצן חוב. אַזוי איז דער
פּאַטראָנאַט אין יענעם טאָג געוואָרן דער
פולשטענדיקער באַלעבאָס איבער דער גע־
ביידע.

דעם 15־טן יוני 1950, קומט פאָר די
ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פּאַט־
ראָנאַט, און עס ווערט אויסגעוויילט אַ
דירעקטיווע פון 26 פּערזאָן. די פאַרזאַמ־
לונג קומט פאָר אין אַ געהויבענער שטי־
מונג. מען פילט, אַז אויך די אַלגעמיינע
שטימונג אויף דער אידישער גאַס ווערט
כסדר בעסער און סימפּאַטישער. מען
הויבט לאַנגזאַם אָן צו באַגריפן, אַז דאָס
מאָל וועט עס נישט זיין בלויז אַן עקס־
פּערימענט, ווייל עס איז געלונגען צוזאַ־
מענצונעמען אַ שטאַרקע גרופּע געזעל־
שאַפטלעכע טוער, וועלכע באַזיצן אַ גע־
נוגנדע מאָס ענערגיע און עקשנות דורכ־
צופירן דעם אָנגעצייכנטן פּלאַן.

דעם 21־טן יוני 1950, קומט פאָר די
קאָנסטיטואירונג פון דער עקזעקוטיווע.
עס גייען אַריין: ה' ה ע ר מ אַ ן
ה י י ז ל ע ר אַלס פּרעזידענט; די ה'ה
ע נ ר י ק ע ב י י ק אָ וו י ט ש און
כ אָ ס ע ר אַ ב י נ אָ וו י ט ש אַלס
וויצע־פּרעזידענטן; ה' א י ס אַ ק
ג ו ר וו י ט ש אַלס סעקרעטאַר; ה'
ל י י ב ה י ל ע ר וויצע־סעקרעטאַר; ה'
כ ו ל י אַ ק אַ ר י ט י אַלס קאַסי־
רער; ה' ה ע ר מ אַ ן ב ע ר ע־
ז י נ ס ק י אַלס וויצע־קאַסירער; ה'
ב ע ן ד י ז י ק אַלס אַדמיניסטראַ־
טאָר, און ה' מ אַ ק ס ש וו אַ ר ץ
אַלס וויצע־אַדמיניסטראַטאָר.

עס ווערן אויך אויסגעוויילט
פאַרשידענע קאָמיסיעס, צווישן זיי אַ
קאָאָרדיניר־קאָמיסיע, אין וועלכער עס
גייען אַריין די ה'ה נחום סמאָל אַלס פּרע־
זידענט, און ענריקע בייקאָוויטש, איסאַק
גורוויטש, נחום ראָזענצווייג, יצחק יאָוויין,
טשאַרלעס בלאָך און לייב הילער אַלס
מיטגלידער. די נעמלעכע קאָמיסיע האָט
די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דאָס אידישע
געזעלשאַפטלעכע לעבן אין ישוב.

דעם 28טן יוני 1950, קומט פאָר די
ערשטע זיצונג פון דער קאָאָרדיניר־קאָמי־
סיע. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע, ווערן
אָנגענומען פאָלגנדע פּונקטן:

**1) שאַפן אַ צענטראַלע רעפּרעזענ־
טאַטיווע קערפּערשאַפט פאַר דער
אידישער קאָלאָניע פון קובאַ. די אויפ־
גאַבע פון דער צענטראַלער קערפּער־
שאַפט דאַרף זיין, צו שטיין אויף דער
וואַך און זאָרגן פאַר אַלע פּראָבלעמען,
וואָס זענען נוגע דעם גאַנצן ישוב. דאָס
זענען פּראָבלעמען נאַציאָנאַלע, רעלי־
גיעזע, קולטורעלע, סאָציאַל־פילאַנ־
טראָפּישע און דערציערישע. אויך
פאַר די אינטערעסן פון מדינת ישראל;
יעדער איד, אומאָפּהענגיק פון זיין
געזעלשאַפטלעכער אָנגעהעריקייט,
דאַרף זיין אַ מיטגליד פון דער צענט־
ראַלער קערפּערשאַפט; זוכן, קודם כל,
אַ וועג צו פאַראייניקן און צוזאַמענ־
שמעלצן די אידישע קהילה מיט דעם
„אידישן צענטער''; די צענטראַלע
קערפּערשאַפט וועט אויסאַרבעטן אַ**

בודזשעט פאַר אַלע הצטרכותן פון ישוב, וואָס וועט ווערן געדעקט פון מיטגליד־אָפּצאָל; דער נאָמען פון דער צענטראַלער קערפּערשאַפט זאָל שפּעטער באַשטימט ווערן.

דער פּאַטראָנאַט גופא וועט ווערן גרעסער און שטאַרקער. ווען דער מאָמענט וועט קומען, וועלן במילא די אינסטיטוציעס איינזען און רעספּעקטירן דעם כוח פונם פּאַטראָנאַט.



**דער בוי־קאָמיטעט ביי דער אַרבעט**

זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס: ה׳ ענריקע בייקאָוויטש, אַרכיטעקט סעניאָר קאַפּאַ־בלאַנקאַ, ה׳ מאַקס פּינקוס (פּרעזידענט פון בוי־קאָמיטעט), ה׳ כאָס פּערקאַל און ה׳ איסאַאַק גורוויטש (גענעראַל־סעקרעטאַר פון פּאַטראָנאַט).

די ערשטע אַרבעט פון דער קאָאָרדינירן־קאָמיסיע איז געווען צו פאַרהאַנדלען מיט דעם אידישן צענטער. נאָך מערערע זיצונגען מיט דער עקזעקוטיווע פון אידישן צענטער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט דער פאַקט, אַז דער „צענטער״ וויל ווייטער בלייבן אויטאָנאָם און זעלבסטשטענדיק. די פאַרהאַנדלונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן.

דעם 3־טן אויגוסט 1950, האָט דער פּאַטראָנאַט באַשלאָסן דערווייל אויפצוגעבן די אַרבעט פון אָרגאַניזירן דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן ביז וואַנען

### די בוי־קאָמיסיע ביי דער אַרבעט

נאָך אַ קורצן איבעררייס פון די זומער וואַקאַציעס, זענען אויף דער זיצונג פון 27־טן סעפּטעמבער 1950, פאָרגעלייגט געוואָרן פון דעם ה׳ כאָסע פּערקאַל די פּלענער פון דער בוי־קאָמיסיע, אויסגעאַרבעט פון פאַרשידענע אַרכיטעקטן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איבערבויען דעם געקויפטן בנין און אים צופּאַסן צו די באַדערפענישן פון ישוב, ווי צום ביישפּיל, אויפבויען אַ בית־הכנסת, אַ גרויסן זאַל, קלובן און אָפיסעס,

וועט קאָסטן אַ סך געלט און עס וועט נישט אַרויסקומען אַזוי באַקוועם און מאָדערנע ווי די היינטיקע צייט פאָדערט. די בוי־קאָמיסיע האָט דעריבער פאָרגע־שלאָגן איינגאַנצן פאַנאַנדערצואוואַרפן דעם אַלטן בנין און אויף דעם פּלאַץ אויפבויען אַ שיינעם, מאָדערנעם בית־הכנסת און אַ געביידע, וואָס זאָל האָבן אַ זאַל פאַר 1.300 פּערזאָן, אַ קלענערן זאַל פאַר נאָך 300 פּערזאָן, קלובן און אָפיסעס פאַר אַלע באַדערפענישן פון ישוב, אַלץ מיט „עיר קאָנדישאַנד".

די באַראַטונגען וועגן דעם ענין קומען פאַר אויף מערערע זיצונגען פון פּאַטראָ־נאַט, און אין דער צווישנצייט גייט אָן אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט פון ווערבירן נייע מיטגלידער. עס ווערט פאַרטיילט אַ סך פּראָפּאַגאַנדע מאַטעריאַל אויף דער אידישער גאַס. עס גייען אַרויס מערערע בולעטינען פון פּאַטראָנאַט, און ענדלעך ווערט דאָס אייז געבראָכן דורך דעם צו־שטראָם פון אַ גרויסער גרופּע נייע מיט־גלידער, צווישן זיי אייניקע חשובע געזעל־שאַפטלעכע טוער, וועלכע זענען ביז איצט געשטאַנען פונדערווייטנס.

אויף דער זיצונג פון 16־טן אָקטאָבער 1950, ווערט אין פּאַטראָנאַט איינגעגלי־דערט אַ נייע גרופּע פון 14 מיטגלידער. צווישן זיי ה' אַראָן יוקען, פּרעזידענט פון אידישן צענטער; ה' יורי אַפּרין, קאַסירער פון צענטער; ה' ישראל לוסקי, ה' מאָריס ראָזענפעלד, ה' ברוך בענעס א. אנד. דעם 20־טן אָקטאָבער קומט פאָר אַן אַלגע־מיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט. ה' כאַסע פּערקאַל לייגט פאָר דעם בוי־פּראָיעקט פון דער נייער געביידע. עס ווערט דאַן איינשטימיק באַשלאָסן אַרונטערצוּוואַרפן די אַלטע געביידע, און אויף איר פּלאַץ אויפשטעלן אַ פּרעכטיקן בנין, וואָס זאָל זיין אַ שמאַלץ פאַרן אידישן ישוב. די באַגייס־טערונג פון די אַנוועזנדע איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויפן אָרט האָבן כמעט אַלע פּאַטראָנאַט־מיטגלידער פרייוויליק פאַר־טאָפּלט און פאַרדרייפאַכט זייערע ביי־שטייערונגען.

## דער פּאַטראָנאַט ווערט אַ פאַקטאָר אין ישוב

דער אָנגענומענער גראַנדיעזער בוי־פּלאַן פון פּאַטראָנאַט ווערט אויפגענומען מיט באַגייסטערונג פונם גאַנצן ישוב. עס האַלטן אין איין צושטראָמען נייע מיט־גלידער. ווי ווייט דער אינטערעס פון דעם עולם צו דעם ענין איז געוואַקסן, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס אויף דער ערש־טער אָפיציעלער וואַל־פאַרזאַמלונג פאַר אַ דירעקטיווע, וואָס איז פאָרגעקומען דאָ־נערשטיק אָוונט, דעם 14טן דעצעמבער 1950, זענען פון אַ מיטגלידערשאַפט פון 135 פּערזאָן, געקומען נישט ווייניקער ווי הונדערט. און דאָס, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַ היפּשע צאָל מיטגלי־דער איז יענעם טאָג נישט געווען אין האַוואַנאַ. דאָס האָט געמיינט, אַז כמעט אַכציק פּראָצענט פון אַלע מיטגלידער האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן. אַן אמתער „רעקאָרד", ווי מ'זאָגט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט אַן שום צווייפל אָנגעוויזן ווי ווייט דער עולם איז געוואָרן פאַרכאַפּט פון דער אידייע פאַר אַ פאַראייניקט אידיש לעבן אין קובא.

אין אַ פייערלעכער באַגייסטערטע שטי־מונג איז דעמאָלסט — אין געהיימע וואַלן — אויסגעוויילט געוואָרן אַ דירעקטיווע פון 24 פּערזאָן. אויף דער קאָנסטיטו־אירנדיקער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17־טן דעצעמבער 1950, זענען ווי־דער אויסגעוויילט געוואָרן:

הערמאַן הייזלער — פּרעזידענט.

איסאַק גורוויטש — סעקרעטאַר.

כוליאָ קאַריטי — קאַסירער.

בען דיזיק, יוסף ראַבינאָוויטש, מאַקס שוואַרץ, ענריקע בייקאָוויטש, הערמאַן בערעזינסקי, כוליאַ ליפשיץ און פאַביאַן וויים — אַלס דירעקטאָרן מיט פאַרשידענע אמטן.

עס ווערט דאַן אויך אויסגעווײלט מאַקס פינקוס אַלס פּרעזידענט פון בוי־קאָמיטעט און כאַסע פּערקאַל אַלס אַדמיניסטראַטאָר; סימאָן בערמאַן אַלס פּרעזידענט פון דער פינאַנץ קאָמיסיע, און דער שרייבער פון די שורות אַלס פּרעזידענט פון דער קאָאָרדינירער און פּראָפּאַגאַנדע קאָמיסיע.

צוליב דעם נייעם ישראל קאַמפּיין ווערט די ווערבירונגס־אַקציע פאַר נייע מיטגלידער פאַרן פּאַטראָנאַט במעט ווי אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צייט. פונדעסטוועגן קומען יעדע וואָך צו אייניקע מיטגלידער, און ביים היינטיקן טאָג צײלט דער פּאַטראָנאַט איבער 200 מיטגלידער. עס זענען אין דער נייער קערפּערשאַפט פאַרטראָטן די שטאַרקסטע כוחות פון אידישן ישוב, אַלע אָנפירנדיקע טוער פון אידישן צענטער, פון דער קהילה, פון דער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און דער האַנדלס־קאַמער. אַלע האָבן זיך דערלאַנגט די הענט אויפצובויען אַ צענטראַלע היים פאַר דעם אידישן ישוב פון קובאַ.



**די פינאַנץ קאָמיסיע ביי דער אַרבעט**

פון רעכטס צו לינקס: ה' לעאָן גילפּאַרב, ה' סימאָן בערמאַן (פּרעזידענט), ה' נחום ראָזענצווייג און ה' כוליאַ קאַריטי (קאַסיר פון פּאַטראָנאַט).

אַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע ביי דעם שווערן אָנהויב האָט געשפּילט אונזער חשובער רב ר' מאיר ראָזענבוים שליט'א. עס איז זיך היינט שווער פאָרצושטעלן, אַז אָן דער מיטאַרבעט און מיטווירקונג פון הרב ראָזענבאום וואָלט מעגלעך געוועזן דורכצופירן אָט דעם גאַנצן גראַנדיעזן פּלאַן. אָבער דער פּיאָנער פון דער פּראַקטישער אַרבעט איז געוועזן — און

די דירעקטיווע פון פאַטראָנאַט



פון לינקס צו רעכטס, זיצנדיק: כוליאַ קאַריטי, כאָסע ראַבינאָוויטש, איסאַק גורוויטש, הרב מאיר ראָזענבוים, הערמאַן הייזלער און בען דיזיק; שטייענדיק ביים טיש, לעבן ה' דיזיק, איז לייב הילער; ערשטע רייע, שטייענדיק, פון לינקס צו רעכטס: נחום ראָזענצווייג, פאַביאַן ווייס, הלל טענען, דוד ווייס, הערמאַן בערעזינסקי, איסאַק יאַוויץ, סימאָן בער־מאַן, כוליאַ ליפשיץ, סימאָן אַטראַן, הערי קופער, טשאַרלז בלאָך, כאָסע אייבעשיץ, נחמיה קובילין און כאָסע פערקאַל; צווייטע רייע, שטייענדיק, פון לינקס צו רעכטס: נחום סמאָל, מיגעל צימבלער, כאָסע ראַווינסקי, עליאַס גוריאַן, מאָרים ראָזענפעלד, לעאָן גילפאַרב און כאָסע זאַבעלינסקי; עס פעלן: מאַקס פינקוס, מאַקס שוואַרץ, ענריקע בייקאָוויטש, נחמן סאָלאָוויטשיק, הערי בלאָך, אהרן יוקען, יורי אַפרין, ענריקע קאַלושין, כאָסע וואָלאַדאַווסקי, בנימין מערנער, מאָרים בערעזדיווין און הערמאַן ווײַנבערג.

איז עס היינט — ה' הערמאַן הייזלער, דער פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט. כמעט די גאַנצע אַנדערטהאַלבן יאָר, זינט דער אַנטשטייאונג פון דעם פּראָיעקט, האָט ה' הייזלער פאַרנאַכלעסיקט זיינע פּריוואַטע געשעפטן און זיין פאַמיליע און ער אַרבעט מיט אַ פאַנאַטישער עקשנות פאַר דעם גאַנצן ישוב פון קובאַ.

איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן אין פּאַטראָנאַט שפּילט אָן צווייפל דער ה' איסאַק גורוויטש, וועלכער ווייזט אַרויס וואָס אַמאָל מער זיינע פייאיקייטן אַלס מנהיג פון אידישן כלל.

גאָר גרויסע ראָלן האָבן אויך געשפּילט — און שפּילן — כוליאַ קאַריטי און בען דייזיק. עס איז כמעט אוממעגלעך צו מערקן אָן אָפּגעטוענע אַרבעט פון פּאַטראָנאַט אָן זייער חותם. די ה'ה מאַקס פינקוס און כאַסע פערקאַל אַ־בעטן אומדערמידלעך ביים בוי־פּראָגראַם. מיר ווילן ביי דער געלעגנהייט נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען די וויטיקע דירעקטאָרן ענריקע בייקאָוויטש, לעאָן גילפּאַרב, כוליאַ ליפשיץ, סימאָן בערמאַן, כאַסע ראַבינאָוויטש, מאָריס ראָזענפעלד, נחמן סאָלאָווייטשיק, כאַסע ראַווינסקי, נחום ראָזענצווייג, מאַקס שוואַרץ, איסאַק יאַוויץ, נחום סמאָל, פּאַביאַן וויים, דוד וויים, הערי בלאָך, מיגעל צימבלער, עליאַס גוריאַן, הערמאַן בערעזינסקי, הערי קופּער און אַלע אַנדערע, פאַר זייער גוטער און איבערגעגעבענער אַרבעט אויף אַלע געביטן פון פּאַטראָנאַט, און באַזונדערס אויפן געביט פון ווערבירן נייע מיטגליד־ער.

דער שרייבער פון די שורות איז גליקלעך און צופרידן אַליין צו האָבן צוגעטראָגן — אין אַ באַשיידענער פאָרם — זיין ביישטייער צו דעם גרויסן אויפבוי־פּראָגראַם.

דאָס איז די געשיכטע פון דער אינגסטער קערפּערשאַפט פון ישוב.

נאָך 27 יאָר עקזיסטענץ, מיט שווערע שטורעם און דראַנג פּעריאָדן, איז דאָס אינגסטע קינד, דאָס בן זקונימל, געבוירן געוואָרן נאָך שווערער חבלי לידה. נאָך בלויז אַנדערטהאַלבן יאָר עקזיסטענץ איז היינט צו טאָג דער פּאַטראָנאַט דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין ישוב. דער וועג איז נאָך אַ שווערער צו קאָנען דערגרייכן דעם שפּיץ פון אַ פולשטענדיק פּראַיעקט אידיש לעבן אין ישוב, אָבער דער געפערלעכער דערנער־וועג איז שוין אַריבערגעשפּאַנט געוואָרן. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען און שטרויכלונגען געפינט זיך איצט דער פּאַטראָנאַט אויף דעם שביל הזהב (דעם גאָלדענעם מיטלוועג), און ער גייט מיט פעסטע און זיכערע טריט צום ציל, צו דערגרייכן פולע האַרמאָניע און אחדות פאַר דעם גאַנצן ישוב.

# אויף דעם וועג צו אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט

— פון —

## הערמאַן הייזלער



מיט דער צערעמאָניע פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַר דער צענטראַלער דירה פון אידישן ישוב אין קובאַ, פאַרענדיקן מיר דעם ערשטן עטאַפּ פון דעם בויאונג־פּראָצעס פון פּאַטראָנאַט. דער פּראָצעס פון צענטראַליזאַציע פונם היגן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן וועט זיך אָנהויבן מיט אָט דעם אַקט. דער קומענדיקער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט־אַפּאַראַט וועט דאַרפן אויספילן די ווענט פון דער גרויסער געביידע. ביז איצט האָבן מיר באַוואוסטזיניק געשוויגן אָדער אויסגעמיטן צו נעמען אַ שטעלונג וועגן דעם ענין אָרגאַניזאַציע פון געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם, וואָס דאָס אייגנטלעך דאַרף דאָך זיין דער ענד־ציל פאַר אונזער גאַנצער שווערער „האָראָוואַניע“. ווייל מיר האָבן געגלויבט, אַז פּאָלעמיקס וועגן דעם אָנגעוויטיקטן פּראָבלעם קענען, אין אַ געוויסער מאָס, ברענגען שאָדן דעם גאַנצן שאַפונג־פּלאַן פון פּאַטראָנאַט. די צייט און אויפקלערונגס־אַרבעט האָבן שוין אָבער רייף געמאַכט דאָס פעלד פאַר אַן אָפענער דעבאַטע. עס וועט דערפאַר קודם כל אוודאי כדאי זיין צו קאָנען ציען אַ פּאַראַלעל צווישן דעם אַמאָליקן פּראַוו פונם צענטראַל־קאָמיטעט צו ווערן דער נערוו־צענטער פון היגן געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן און די אַספּיראַציעס פון פּאַטראָנאַט.

שוין דאָס צווייטע מאָל ווי עס איז אויף מיר אויסגעפאַלן די גרויסע אחריות צו שטיין אָן דער שפּיץ פון אָנפירער־שאַפט איבער די סאַמע ווילטיקסטע אַקטיוויטעטן פון אידישן ישוב. דער גורל האָט אוודאי אַזוי געוואָלט האָבן, אַז איך זאָל אַוועקגעבן אַ טייל פון מיינע בעסטע יאָרן לטובת הכלל. פון 1940 ביז 1943, ווען מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אָן

דער שפּיץ פונם צענטראַל־קאָמיטעט פון
אַלע אידישע אינסטיטוציעס, האָב איך
געהאַט אַ געלעגנהייט אָנצוזאַמלען אַ
שפּאָר ביסל דערפאַרונג. בעת מיר האָבן
איבערגענומען די ירושה פונם ערשטן
פּרעזידענט פון צענטראַל־קאָמיטעט, ה׳
העומאַן בעלער, האָבן מיר זיך אַריינגע־
וואָרפן אין דער אַרבעט מיט אַזאַ התלה־
בות און באַגייסטערונג, אַז מיר האָבן נאָר
געחלומט און געטראַכט פון שאַפן, בויען,
און אָרגאַניזירן דאָס אידישע געזעל־
שאַפטלעכע לעבן פון ישוב.

מיר האָבן אין אָנפאַנג נאַאיוו גע־
גלייבט, אַז די איינציקע זאַך, אין וואָס
עס נויטיקט זיך אַ יונגער, זיך בויענ־
דיקער ישוב, איז קודם כל שאַפן אחדות
און האַרמאָניע צווישן פאַרשידענע אָר־
גאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. צום
באַדויערן האָט אונז די פּראַקטיק אַנדערש
געלערנט. נאָך דריי יאָר שווערער אָפּגע־
מוטענער אַרבעט, האָב איך געמוזט פאַר־
לאָזן דעם פּאָסטן, אָנגעפילט מיט ענטוי־
שונג, ביטערקייט און רעזיגנאַציע. אין
פאַרלויף פון די דריי יאָר האָבן מיר
לײדער געמוזט פעסטשטעלן, אַז עס איז
פאַראַן אַ גאַנץ קליינער אינטערעס פאַר
האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט מצד די
אָרגאַניזאַציעס, נאָר אין קעגנטייל: אַז עס
הערשט גאָר אַ שטאַרקער אַנטאַגאַניזם
פון איין געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע
צו דער אַנדערער. די אידייען פון איין
אינסטיטוציע זענען אין אַ סך פאַלן גע־
קומען אין אָן אָפּענעם צוזאַמענשטויס
מיט די אידייען פון אַ אַנדערער אינס־
טיטוציע. די צילן פון איין אָרגאַניזאַציע
זענען געווען אַנדערש ווי די צילן פון אַן
אַנערער אָרגאַניזאַציע. צוליב די דאָזיקע
רייסערייען צווישן זיך האָט דעריבער
קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן שאַפן
אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט, וואָס
זאָל קענען רעדן אין נאָמען פונם גאַנצן
ישוב.

דאָס עפּיזאָדיש קאַפּיטל, ד ר י י
י אָ ר צ ע נ ט ר אַ ל ק אָ מ י ט ע ט
האָט אונז אַ סך געלערנט. ערשטנס, אַז
אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט קאָן קיינמאָל
נישט פונקציאָנירן פּראָדוקטיוו, ווען יע־
דע אינסטיטוציע און כלומרשט אינסטי־
טוציע האָבן אַ גלייכע צאָל שטימען.
צווייטנס, קאָן אַן אמתע רעפּרעזענטאַנץ
פון ישוב נאָר אַרבעטן מיט דערפאָלג,
ווען זי ווערט אויסגעוויילט אויף אַ דע־
מאָקראַטישן אופן, דירעקט פון ישוב.

אונזער אויפגאַבע דאַרף דעריבער זיין,
אַז אַלע כלל־ענינים, וואָס זענען נוגע דעם
גאַנצן ישוב, מוזן אָנגעפירט ווערן פון
איין צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף
גענוי, ווי דאָס האַרץ פון אַ מענטש,
אָנהאַלטן די צירקולאַציע פון בלוט און
ענערגיע פון אַלע טיילן פון ישוב. די
אויסגעוויילטע צענטראַלע קערפּערשאַפט
דאַרף פון זיך אויסטיילן פאַרשידענע
סעקטאָרן. נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע
ענינים זענען חל כמעט פאַר אַלעמען.
אַ סך פון אונז זענען אפשר נישט אַזוי
פרום, ווי עס האָבן פאַרשטאַנען פרומ־
קייט אונזערע פאָטערס און זיידעס. עס
לעבט אָבער ביי כמעט יעדן פון אונז
די טראַדיציע פון דורות אָנצוהאַלטן אָט־
דעם רעליגיעזן פאַדים, וואָס האָט גע־
האַלטן צוזאַמענגעשמידט דאָס אידישע
פאָלק אין פאַרלויף פון אַלע טויזנטער
יאָרן פון פאַרפאָלגונג און נע ונד זיין.

דערפאַר בויען מיר איצטער דעם שיי־
נער און פּראַכטפולן בית הכנסת. דאָס
זעלבע איז אויך מיט אַנדערע הצטרכתן
פון ישוב, ווי, צום ביישפיל, געזעלשאַפט־
לעכע, פילאַנטראָפּישע, קולטורעלע און
דערציערישע פּראָבלעמען. אַלע ענינים
וואָס זענען נוגע דעם גאַנצן ישוב, מוזן
אויפהערן צו זיין אַ פּריוואַט־זאַך פון
בלויז איין אינסטיטוציע. דער גאַנצער
ישוב וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר
אַלע הצטרכתן צו דעקן די געהעריקע

בודזשעטן. אויב די דאָזיקע קליינע „קאָל־
טע רעוואָלוציע״ וועט באַלד קענען דורכ־
געפירט ווערן, וועט דאָס געזעלשאַפט־
לעבע לעבן אין ישוב פּשוט אויפבליען
און אָנהויבן צו פונקציאָנירן מיט אַ באַ־
נייטער קראַפט.

מיט העכער אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק
האָט דער גורל אויפסניי געוואָלט אויף
מיר אַרויפוואַרפן דעם כבוד און דעם עול
צו שטיין אָן דער שפּיץ פון פּאַטראָנאַט.
שווער און ביטער האָבן מיר, אַ גרופּע
פריינט, געמוזט אַקערן אויף אַ שטיינער־
נעם באָדן, צו קאָנען אָפּשפּרייזן דעם
נייטן מהלך, וואו מיר שטייען איצטער.
היינט הויבן מיר שוין אָן צו זען די
פּירות פון אונזער שווייס און ענערגיע.
מיר שטייען שוין מיט דעם פּנים צום
גרויסן היסטאָרישן יום־טוב פון דעם
גאַנצן ישוב. דער היינטיקער 17־טער יוני
איז אפשר דער גליקלעכסטער טאָג פון
מיין לעבן, צו האָבן זוכה געווען צו זיין
פון די ערשטע בויער, פון די ערשטע
פונדאַמענט־לייגער פאַר אַ נייעם שוואונג
און פאַר אַ נייער ווענדונג אינם היגן
ישוב.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם,
און אינמיטן דער שמחה פון אונזער
גרויסן יום־טוב, עגבערט אַ גרויסע זאָרג
אין האַרצן וועגן דער ווייטערדיקער אַר־
בעט, וואָס שטייט אונז פאָר, ווי אַזוי צו
אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט פונם ישוב.
מיר זענען ביי זיך נישט גענאַרט. מיר
ווייסן, אַז דאָס שווערסטע קומט ערשט.
די מחיצה צווישן די פאַרשידענע ריכ־
טונגען אין אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן
זענען נאָך דערווייל גרויס גענוג. דער
יוגנט־פּראָבלעם איז גוואַלטיק גרויס. עס
ליגט נאָך אַ טיפער תהום צווישן אונז
און אונזערע קינדער. אוודאי קלינגט שיין
די פראַזעאָלאָגיע, אַז מיר וועלן ווייטער
ציען די גאָלדענע קייט. דורך פאַרנאַכ־
לעסיקטער ערציאונג פון אַזוי פיל יאָרן
האָבן מיר אונזערע אייגענע קינדער פון
דעם אידישן שורש אַ סך דערווייטערט.
עס פעלן שוין ליידער אַ סך רינגען אין
דער אייביקער קייט. מיר האָבן צו לאַנג
געוואַרט און מיר מוזן זיך איצט צואיילן
מיט אונזער אַרבעט. מיט געאייניקטע
שעפערישע כוחות וועלן מיר אַלע דערנער־
אָפּראַמען און אָנהויבן שרייבן אַ ניי
בלאַט אין דער געשיכטע פון אידישן ישוב
פון קובאַ.

# די אידעאָלאָגיע און ציָלן פון פּאַטראָנאַט

— פון —

איסאַק גורוויטש



אַ נייער נאָמען, אַ ניי וואָרט, אַ נייע די עלשאַפטלעכע אָריענטאַציע איז אַרויפּ־געשוואומען מיטן געבוירן ווערן פון דער אינסטיטוציע, וואָס הייסט פּאַטראָנאַט. „פּאַטראָנאַט אויפצובויען אַן אייגענע געב ידע פאַר דעם גאַנצן אידישן ישוב״.

נישט ווייניק קאָמענטאַרן, תרעומות און פּאָלעמיקס האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויפן חשבון פון פּאַטראָנאַט. די פּרעסע, כלל־טוער און סתם מענטשן, יעדער איי־נער אויף זיין שטייגער האָט געהאַט עפּעס אויסצוזעצן, זאָגן און קאָמענטירן. דהיינו, דער פּאַטראָנאַט איז אַן ענין פאַר די גבירים. דער פּאַטראָנאַט, ד. ה. די גבירים, מאַכן אַ קלוב פאַר זיך. דער פּאַטראָנאַט וויל ווערן דער שטאָט בעל־הבית אויפן שטייגער פון די אַלטע קהי־לות, דעם בעל־פּרנס און דער קאראבקע.

אָט די און נאָך אַנדערע סברות זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן, וואָס דער גע־דאַנק פון זיי איז געווען, אַז דער פּאַט־ראָנאַט וועט זיך פאַנאַנדערפאַלן, ווייל די פירערשאַפט וועט מיד ווערן, אַזוי ווי עס איז געשען ביז היינט מיט אַלע אונ־זערע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס.

ווי ווינציק פאַרשטענדניש און וויזיע די דאָזיקע כלל־טוערס, וועלכע האָבן גע־דרשנט, האָבן געהאַט! ווי ווינציק די מענטשן האָבן פאַרשטאַנען און אויפגע־כאַפּט דעם טרוים און פאַרלאַנג, וואָס דער ישוב חלומט, לעכצט און בענקט נאָך אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל זיין די רעפּרע־זענטאַנץ פונם גאַנצן אידישן ישוב; אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע הצטרכותן אויף אַלע געביטן.

מיד איז שוין געוואָרן דער ישוב פון די באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס און אינס־טיטוציעס, וואו יעדער איינער מאַכט

שבת פאַר זיך און אונזערע אָרימע כוחות געווען אַזוי אָרום צעטיילט און צעשפּליטערט.

דער ישוב איז פון סאַמע אָנפאַנג אָן געבויט געוואָרן ווי אַ פּרוואו, ווי אַ צייטווייליקער אָפּשטעל אינם לאַנד, כדי שפּעטער אַריינצוקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

די אָנפירערשאַפט האָט געפירט אין גייסט און אין באַגריף פון די אַלטע היימען. אָרים איז געווען אונזער אינטעלעקטועלער און געזעלשאַפטלעכער כוח צו קאָנען גלייך שאַפן און בויען אַ גוטן, געזונטן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין עקאָנאָמישע מיטלען. דער גרעסטער טייל פון ישוב האָט זיך געמוזט אָפּגעבן צו דער טאָג־טעגלעכער פּרנסה, צו אַ שווערן, פאַרהאַרטעוועטן, אָרימן לעבן.

דאָס האָט געפירט צו אָפּגעזונדערטקייט, אומצוטרוי און אומפאַרשטענדעניש פון איינעם צום אַנדערן. פונדעסטוועגן, נישט געקוקט אויף די אַלע שווערע, אומגינסטיקע באַדינגונגען, איז דאָך, אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פון אייניקע פּיאָנערן, געלונגען צו שאַפן און בויען אויף אַלע געזעלשאַפטלעכע געביטן: פילאַנטראָפּיע (פרויען פאַריין, אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט, לייי־קאַסע); שולעס (די שולע ביים אידישן צענטער, ,,יבנה'', ,,כעאַדאָר הערצל'', ,,מאָדערנע שולע'', ,,תחכמוני'').

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּרעסע און עס זענען דערשינען אויסגאַבעס פון אונזערע פּאָעטן, דיכטער און זשורנאַליסטן (,,אויפגאַנג'', ,,קובאַנער אידיש וואָרט'', ,,האַוואַנער לעבן'', ,,אונזער שטים''), און אַנדערע וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבעס.

ניט איינמאָל איז געפּרואווט געוואָרן צו שאַפן אייניקייט אין ישוב, ווי צום ביישפּיל, דער ,,צענטראַל קאָמיטעט'', דער צוזאַמענקום פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, פאַראייניקטער קאַמפּיין, דאָך לדאבון לבנו איז ניט מעגלעך געווען אָנצוהאַלטן די אייניקייט.

עס זענען געמאַכט געוואָרן פּרוואַון צו קויפן געביידעס אויף צו קענען צופרידנשטעלן די נויטן פון ישוב. אָבער אויך דאָס איז ניט מעגלעך געווען צוזאַמענצוגעבן און צוזאַמענצוברענגען — ניט געווען דער געדאַנק דערביי און ניט דער ווילן. אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען די גאַנצע צייט פון דעם אידישן לעבן אין קובאַ, ביז דער ישוב האָט אַ טרייסל און אַ ציטער געטאָן. מיטן אומקום פון אונזערע בעסטע און טייערסטע ברידער און שוועסטער, מיטן אומקום פון אונזערע אַלע אַלטע קהילות, וואו ס'איז געווען און געפירט געוואָרן אַ שיין אידיש לעבן, ווען דער פאָדים פון דער קייט, וועלכע האָט זיך געצויגן פאַר דורות און דורות, איז פּלוצלונג איבערגעריסן געוואָרן — דאַן האָט אונזער ישוב אַ ציטער און אַ טרייסל געטאָן, און עס איז קלאָר געוואָרן, אַז קיין זאַך גייט ניט לאיבוד. דער גייסט פון די מיליאָנען פאַרפייניקטע אומגעקומענע נשמות איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אומקום צום אויפלעבונג. מדינת ישראל איז געבוירן געוואָרן. אָט די קוואַלן און טייכן טרערן פונעם אומקום האָבן אויפגעכאַפּט אונזערע ברידער און שוועסטער — קינדער פון ישראל. אויף זיי איז אויסגעפאַלן דער גורל און די זכיה אָפּצוואווישן דעם פלעק, די שאַנד, וועלכע אונזערע שונאים פון אַלע יאָרן, האָבן אויסער דער גאַז, דעם סאַם, וואָס זיי האָבן אַריינגעגעבן צו פאַרגאַזן די קערפּערס, האָבן אויך פאַרסמט דעם איבערגעבליבענעם טייל פון דעם אידנטום מיט דעם סלאַ־

גאָן: „זאָג 10 מאָל דעם זעלבן ליגן, און דעם עלפטן מאָל וועט מען דיר גלויבן״.

די יוגנט, ווי דער גאַנצער ישראל ישוב, האָבן באַוויזן דער וועלט, אַז „עם ישראל חי״.

ישראל האָט אויפגעהויבן די באַפרייאונגס פאָן און אַריינגעגעבן מוט, שטאָלץ און האָפענונג אין אַלע אידישע ישובים פון דער וועלט.

אונזער ישוב האָט זיך אויפגעכאַפט פון זיין לעטאַרגישן חוני המעגל שלאָף. דער ישוב האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, וואָס אַזוינס עס איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן פאַר אונז און אונזערע קינדער אין משך פון די 27 יאָר, וואָס מיר וואוינען דאָ. עס איז ניט געווען אויף אַזוי פיל דער פאַרלוסט פון דעם עלטערן דור. וועלכער האָט נאָך ווי עס איז געבראַכט אַ שטיקל גייסטיקן באַגאַזש פון דער אַלטער היים מיט דעם איינגעזאַפטן, איינגעבוירענעם, אָנגערעגטן אידישן טראַדיציאָנעלן לעבן, ווי דער פאַרלוסט פון אונזערע קינדער, וועלכע זענען שוין געבוירן געוואָרן אין דעם שיינעם, ליכטיקן, טראָפּישן אינזל קובאַ, און האָבן ניט קיין אָנבונד און צובונד צו אונזערע אַלטע אידישע יסודות און די אַלטע אידישע אוצרות און טראַדיציעס.

דאָס האָט געמאַכט צו פאַרטראַכטן דעם ישוב. דער דור הפלגה האָט ענדלעך געמוזט געפינען די שפּראַך; גענומען זיך און דעם שכן צו פאַרשטיין, אַז עס מוז עפּעס געטאָן ווערן צו קענען צוריקגעווינען די פאַרלוירענע צייט.

אויף אונז, אַלע ישובים פון דער וועלט, איז אויסגעפאַלן דער גורל און די זכיה צו פאַרבינדן דעם עבר מיטן עתיד, אָנצוהאַלטן דעם המשך, ציען ווייטער די גאָלדענע קייט, וואָס איז כמעט איבערגעריסן געוואָרן, און ווייזן דער וועלט, אַז „נצח ישראל לא ישקר״.

דאָ איז געבוירן געוואָרן דער פּאַטראָנאַט מיטן געדאַנק אויפצובויען אַ געביידע, אַ היים, וואָס זאָל געבן אַ דאַך אַלע אידישע געזעלשאַפטן, אַלע אידישע באַדערפעניש, אַלע הצטרכותן פון דעם גאַנצן אידישן ישוב, און דורכפירן דעם פּלאַן:

א) דער פּאַטראָנאַט אַלס אומפּאַרטייאישע קערפּערשאַפט וועט העלפן שאַפן די צענטראַלע קערפּערשאַפט.

ב) די געזעלשאַפט וועט ווערן געוויילט דירעקט פון ישוב אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן און וועט זיך פאַרטיילן אויף סעקציעס: נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע, סאָציאַלע, פילאַנטראָפּישע, קולטורעלע און דערציערישע; ספּאָרט, פּראָווילונגען און אַנדערע.

ג) דער גרעסטער געוויכט וועט מוזן געלייגט ווערן אויף דעם צוקונפטיקן צענטראַלן יוגנט־קלוב.

זאָרגן צו שאַפן אַ מיטל־שול (באַטשיער) מיט אַ אידישער דערציאונג. די יוגנט וועט מוזן באַקומען ספּעציעלע קורסן אין עברית, כדי צו קענען אָנהאַלטן דעם ברידערלעכן קאָנטאַקט מיט מדינת ישראל, ווייל מציון תצא תורה. מען וועט דאַרפן דערפאַר זאָרגן פאַר די ריכטיקע אָנפירער, לערער און אינסטרוקטאָרן. עס וועט מוזן געזאָרגט ווערן אויף י אַלע אַנדערע געביטן, אַז די יוגנט זאָל זיך קענען גוט אַנטוויקלען אויף דעם געביט פון קולטור, ספּאָרט און אונטערנעמונגען.

ד) דער פּאַטראָנאַט בויט אַ בית־הכנסת.

דער בית הכנסת זאָל זיין דער ריכ־טיקער מאַיעסטעטישער הייליקער פּלאַץ, ווי עס ווערט געזאָגט: „של נעליך מעל רגליך כי במקום קדוש אתה עומד".

ה) אויפן סאָציאַלן געביט וועט מוזן געזאָרגט ווערן צו שאַפן פאַרשידענע פאַרוויילונגען, אונטערנעמונגען, כדי צו קענען צוזאַמענברענגען דעם גאַנצן ישוב אין די גרויסע, שיינע, לופטיקע סאַלאָנען אין אַ שיינעם, ריינעם אידישן גייסט.

דאָס אַלץ וועט דערמעגלעכט ווערן דורך אַ ברייטער, איבערגעגעבענער קאָאָפּעראַציע פון אַלע אונזערע מיטגלי־דער פון פאַטראָנאַט. אַז מיר גייען אויפן ריכטיקן וועג באַווייזט דער היינטיקער גרויסער יום־טוב פון גאַנצן אידישן ישוב. מיר לייגן דעם גרונט־שטיין פאַר אַ גרויסן און שטאַרקן אידישן ישוב אין קובאַ.

# דער כוח פון א ישוב

— פון —

## כוליא קאריטי



די אלגעמיינע מיטגלידער־פארזאמלונג פון פאטראנאט, וואס איז פארגעקומען דעם 20־טן אקטאבער פון פארגאנגענעם יאר, האט אנגענומען דעם כמעט איינשטימיקן באשלוס ארונטערצוווארפן די אלטע געביידע, און אויף דעם פלאץ אויפבויען א פראכטפולן בית הכנסת און א גרויסן בנין פאר אלע באדערפענישן פון ישוב. בשעת מיר האבן אנגענומען דעם וויכטיקן באשלוס, האבן מיר זיך אפגעגעבן א דין וחשבון, אז עס האנדלט זיך וועגן א גיגאנטישער אונטערנעמונג פון ריזיקע פראפארציעס. מיר האבן בשעת מעשה גענוי געוואויגן און גע־מאסטן דעם פינאנציעלן כוח פון אונזער ישוב און זענען דאך געקומען צום באשלוס, אז אויפצובויען א שיינע, צענטראלע היים פאר דעם אן אן עין הרעדיקן ישוב פון קובא וועט נישט זיין איבערטריבן, ווען מיר וועלן אינוועסטירן די סומע פון א האלבן מיליאן דאלער. מיר האבן אויסגערעכנט, אז נאך 27 יאר דארף א גאנצער קאלעקטיוו זיך קאנען פארגינען אט דעם לוקסוס — צו האבן אן אנשטענדיקע און בכבודיקע היים פאר אירע באדערפענישן.

ווער פון אונז געדענקט דען נישט די אמאליקע צייטן פון דער אלטער היים, אין די קלענסטע פארוואָרפנסטע שטעטלעך? דארטן, וואו עס איז נאר געווען קוים א מנין אידן, האט מען נישט לאנג געטראכט און געבויט, צום אלעם ערשטן, א בית־מדרש, אדער א בית הכנסת. שפעטער, ווען דער קליינער ישוב האט זיך נאר אביסל פארגרעסערט, האט מען ווייטער געבויט שולן, גימנאזיעס, ביבליאטעקן א. אנד. די ישובים האבן מיט דער צייט אויפגעבליט. פון די דאזיקע אלע ישובים זענען ארויסגעקומען גוטע אידן און גוטע מנהיגים, וועלכע האבן ווייטער געוועבט און געשפינט דעם אידישן המשך פאר די צוקונפטיקע דורות. מ'קען בשום אופן נישט זאגן, אז די אמאליקע קליינע ישובים פון פוילן, רוסלאנד, גאליציע, רומעניע און אנדערע לענדער

זענען געווען פינאַנציעל גוט איינגע־
שטעלט. אין קעגנטייל, נויט, דחקות און
דאגות פּרנסה זענען אייביק געלעגן שווער
אויף די פּלייצעס פון אונזערע טאַטעס
און זיידעס. נישט קוקנדיק אָבער אויף
דעם אַלעם האָט מען געבויט און געפּעס־
טיקט דאָס אידישקייט מיט מסירת
נפש. מ׳האָט ממש אָפּגעשפּאָרט דעם
ביסן פון מויל, כדי צו קאָנען בויען אַ
קהילה־לעבן ווי עס באַדאַרף צו זיין. דאָ
זענען מיר געקומען אויפן קובאַנער אינזל
און האָבן אַרונטערגעוואָרפן דעם גאַנצן
עול פון אידישקייט. דער הר־הא פון אַל־
טעגלעכן לעבן האָט אונז איינגאַנצן פאַר־
שלונגען. מיר האָבן בלויז געטראַכט ווי
אַזוי צו פאַרגרעסערן אונזערע מאַטעריע־
לע פּראָפיטן. מ׳האָט נישט געבויט און
נישט ערנסט געטראַכט וואוהין עס וועט
דערפירן.

כ׳באַטראַכט דערפאַר אַלס אַ נס, וואָס
מיר האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט
געכאַפּט. איצטער, ווען מיר, די אַמאָליקע
יונגע איינוואַנדערער, שטייען שוין מיט
באַזילבערטע קעפּ, איז צייט צו גיין און
פאַרריכטן און פאַרבעסערן דאָס, וואָס
מיר האָבן אין לויף פון 27 יאָר פאַרנאַכ־
לעסיקט.

היינט, ווען דער ישוב האָט זיך שוין
מער אָדער ווייניקער גוט איינגעאָרדנט,
ווען מיר פאַרמאָגן שוין אויך אַ היפּשע
צאָל גבירים, דאַרף מען זיך אַבסאָלוט
נישט שרעקן פאַר דעם אויבנדערמאָנטן
ציפער, וואָס די געביידע וועט דאַרפן
קאָסטן. ביי אַ קליינעם גוטן ווילן וועלן
מיר דעם פינאַנציעלן פּראָבלעם לייזן אין
אַ קורצער צייט. אמת, מיר האָבן זיך
אַביסל געשראָקן אין אָנפאַנג, נישט דער־
פאַר ווייל מיר האָבן געצווייפלט אינם
כוח פונם ישוב, נאָר מיר האָבן פּשוט
מורא געהאַט, אַז דער ישוב זאָל אַמאָל
אפשר נאָך נישט זיין גענוג רייף פאַר אַזאַ
גרויסער אונטערנעמונג. איצטער זעען
מיר, אַז מיר האָבן זיך נישט אַנטוישט.
מיר פאַרמאָגן שוין ביים היינטיקן טאָג
איבער צוויי הונדערט פּאַטראָנאַט מיט־
גלידער מיט אַ קאַפּיטאַל פון קאַרגע צוויי
הונדערט טויזנט דאָלער. דאָס טוט אונז
דערמוטיקן אין דער ווייטערער אַרבעט.
איך צווייפל נישט אויף קיין איין מאָ־
מענט, אַז נישט נאָר וועלן מיר בקרוב
אויסבויען די נייע פּראַכטפולע געביידע,
נאָר מיר וועלן נאָך שפּעטער בויען ווייַ־
טערע בנינים פאַר די נויטן פונם ישוב.

און פאַרוואָס טאַקע נישט בויען אַ בית
הכנסת אין אַלט האַוואַנאַ? און פאַרוואָס
אויך נישט בויען אַ גימנאַזיע פאַר אונ־
זערע קינדער? מיר ווייסן, אַז פינאַנ־
ציעלע פּראָבלעמען זענען נישט פון די
לייכטע זאַכן. די וועלט זאָגט אַ שפּריך־
וואָרט, אַז „עס באַשטייט נ י ט קיין
אָרים קהל״. אַ רבים גיט זיך אַלעמאָל
אַן עצה מיט געלט־ענינים. האַוואַנאַ איז
גאָט צו דאַנקען היינט צו טאָג נישט קיין
אָרים קהל און וועט זיך אוודאי אַן עצה
געבן. לאָמיר אָבער היינט אַוועקוואַרפן די
אַלע וואָכעדיקע געלט־דאגות און זיך בע־
סער פרייען מיט דעם יום טוב, וואָס מיר
בויען און שאַפן.

# זכרונות פון 29 יאָר צוריק

— פון —

בן ציון דיזיק



זייער אַ סך איז שוין געשריבן גע־
וואָרן וועגן די ערשטע אימיגראַנטישע
יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו
אַנטוויקלען דער נייער אשכנזישער ישוב.
מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן דעם לעבן
און שאַפן פון די גאָר־ ערשטע אימי־
גראַנטן, איידער עס האָט זיך גענומען
אַנטוויקלען אַ שטיקל אָרגאַניזירט אידיש
לעבן. פון יאָר 1921 ביז יאָר 1924 זענען
אַריינגעקומען אַ היפש ביסל אידישע אי־
מיגראַנטן קיין קובאַ, אָבער די מערסטע
פון זיי האָבן דאַן פאַרלאָזט דאָס לאַנד
און איינגעוואַנדערט אין דער „גליקלע־
כער מדינת אַמעריקע". איך בין איינער
פו יענע ערשטע אימיגראַנטן, וועלכער
איז נעמאַך פאַרבריבן אַ „געשטראָפ־
טער", ווייל איך בין איצטער אַ קובאַנער
תושב און איך האָב מיך, גאָט צו דאַנקען,
נישט צו באַקלאָגן אויף מיין גורל, וואָס
איך בין פאַרבליבן אין קובאַ.

אַ סך מאָמענטן און עפּיזאָדן פון
דעמאָלסטדיקן לעבן זענען אינגאַנצן אָפּ־
געווישט געוואָרן פון זכרון. די שווערע
האָרעוואַניע, וואָס מען האָט דעמאָלסט
געהאַט אויסצושטיין צו פאַרדינען די פּאָר
סענט טעגלעך, און די עלנטקייט פון די
דעמאָלסטדיקע אימיגראַנטן, וואָס האָבן
נישט געהאַט די ריכטיקע סביבה, האָט
געמאַכט דאָס לעבן פון די אימיגראַנטן
אינהאַלטסלאָז. מען האָט נאָר געהאַלטן
אין איין טראַכטן: אפשר וועט זיך דער
אַמעריקאַנער פעטער דאָך מרחם זיין און
אַריבערנעמען דעם פאַרוואָגלטן קרוב!
דאָך זענען טייל זכרונות געבליבן איינ־
געקריצט אין מוח, פונקט ווי עס וואָלט
געווען נעכטן.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין קובאַ
אין אַ דאָנערשטיק אינדערפרי, דעם 11־טן
יאַנואַר 1922, האָב איך געגלויבט, אַז
איך בין שוין כמעט אין אַמעריקע, אין
סאַמע גאָלדענעם לאַנד. אַזוי, ווינציקס־
טנס, האָט מען זיך איינגערעדט אין איי־
ראָפּע — ס'הייסט די, וואָס זענען ווייניק
באַקאַנט מיט געאָגראַפיע. מ'האָט גע־
מיינט, אַז קובאַ איז בלויז אַ תחום שבת

פון גליקלעכן לאַנד; אַז אין קובאַ קען מען שוין אַריבערקוקן און זען דעם צווייטן ברעג, וואָס איז נישט ווייט פון ניו־יאָרק. ווען איך בין אָנגעקומען אַהער מיט מיין פאַמיליע, איז מיין גאַנץ פאַרמעגן באַשטאַנען פון 20 אַמעריקאַנער סענט. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן מיין ערשטער שווערער פּראָבלעם: וואו נעמט מען די ערשטע דרייסיק דאָלער צו ווייזן דעם קובאַנער אימיגראַציע־באַאַמטן, ער זאָל אונז לאָזן לאַנדן?

שטייענדיק שוין אין אימיגראַציע־אָפיס, אין דער „טיסקאָרניע", אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, האָט איינער פון אונזערע אחינו בני ישראל מיר פון הינטן־אַרומער אַריינגעלייגט אין קעשענע די 30 דאָלער, און ער זאָגט צו מיר אין מאַמע־לשון:

— הער אויס, גוטער ברודער, אַזוי שנעל ווי דו וועסט אַרונטער אויף דער יבשה, זאָלסטו דאָס מעות צוריקגעבן, ווייל אַן אַנדערער איד מוז אויך האָבן די פּאָר דאָלער צו קענען ווייזן דער קובאַנער רעגירונג, אַז ער איז ניט קיין קבצן..

מ'האָט מיך געהאַלטן אויפן אויג, און גלייך ווי איך בין נאָר אַרונטער אויפן מאַלעקאָן, האָט מען ביי מיר צוריקגענומען די פּאָר דאָלער, כדי איך זאָל חלילה אויף גיך ניט מאַכן אַ „ויברח". די דרייסיקער דאָלאַרס זענען געווען די ערשטע קורץ־טערמיניקע הלוואות, וואָס די איינגעזעסענע אַמעריקאַנער אידן האָבן געגעבן די נייע אימיגראַנטן. סוף כל סוף בין איך ווייטער פאַרבליבן ביי מיינע 20 סענט, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, און דאָ שטיי איך מיט מיין פרוי און קינד און קוק אין הימל אַריין און פרעג זיך:

— וואָס טוט מען איצטער?

מיין לאַגע איז דעמאָלסט באמת געווען אַ פאַרצווייפלטע. אָן אַ וואוינונג, אָן געלט און אָן אַ לשון אין אַ ווייט, פרעמד לאַנד, שטיי איך דאָ הפקרדיק אויסגעזעצט אויף נויט, דחקות און הונגער, ר"ל. אין דעם זעלבן אויגנבליק דערזע איך אַ איד אַראָפּגיין פון אַ שיפל, ווי עס ווייזט אויס אַ פאַרטרעטער פון די היגע אַמעריקאַנער איד, ווייל ער האָט גערעדט מער ענגליש ווי אידיש. איך ווענד זיך גלייך צו אים מיט די ווערטער:

— ר' איד, וואָס טוט מען? ווי גיט מען זיך אַן עצה?

דער איד רעדט ניט קיין סך, נעמט אַרויס אַ שטיקל פּאַפּיר און שרייבט מיר אויף עפּעס אַן אַדרעס, און זאָגט צו מיר בזה הלשון:

— גייט גלייך אַהין, וועט איר קריגן עסן, טרינקען און שלאָפן.

אין מיינע אויגן האָט דער איד דאַן אויסגעזען ווי עפּעס אַ משיח. איין קליי־ניקייט! עסן, טרינקען און שלאָפן! וואָס דאַרף מען דערווייל מער? איך האָב ניט לאַנג געטראַכט און געגאַנגען צופוס מיט מיין פאַמיליע צו דעם דערמאָנטן אַדרעס. איך קום אַהין (דאָס איז געווען אויף קאַלסאַדאַ דעל סעררא, לעבן דער „קינטאַ קאָוואַדאָנגאַ", עס שטייט אַ דריי שטאָקיק הויז, פול מיט אונזערע אימיגראַנטן. אַ טומל און אַ גערומל, ממש פאַרטויבט צו ווערן. קינדערלעך לויפן פון איין פּלאַץ צום אַנדערן. טייל מענטשן זיצן אויף די טשעמאָדאַנעס, גרייט אַוועקצופאָרן. נאָך אַ קורצער וויילע ברענגט מען מיר די ידיעה, אַז עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר מיר און מיין פאַמיליע; אַלץ איז באַזעצט; מ'קען מיר ליידער מיט גאָרניט העלפן; איך מוז אָפּוואַרטן אויף מיין ריי, ווען עס וועט עפּעס פריי ווערן. דערווייל האָט מען מיר געגעבן אַן אַנדער שטיקל פּאַפּיר אין האַנט אַריין מיט אַ נייעם אַדרעס פון „סענטראָ מאַקאַבעאָ", אַ הילפס קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער אידן, וואָס האָט זיך געפונען אין פּריוואַטן אָפיס פון

מר. לואיס דזשוריק ע״ה, אויף דער גאַס אַבראַפּיאַ.

מיד און אויסגעמאַטערט פון דער גרויסער אָנשטרענגונג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, ביז וואַנען איך האָב זיך דערשלאָגן צום נייעם אַדרעס, האָט מען מיר דאָרטן ווידער געגעבן אַ פּאַפּירל מיט אַ נייעם אַדרעס, דאָס מאָל צו מר. מאַורישאַ שעכטער. אַן אימיגראַנטישער איד מיטן נאָמען באַווע האָט מיך אַהינגעפירט, כדי איך זאָל ניט פאַרלירן קיין צייט. מר. שעכטער האָט מיך באמת זייער וואַרים אויפגענומען, און הערנדיק, אַז אין דעם הכנסת אורחים אויף סעררא איז ניט פאַראַן קיין פּלאַץ, האָט ער מיר געגעבן 10 דאָלער. אַרויסגייענדיק פון אָפּים און אָנקוקנדיק דאָס צענערל, איז מיר אַביסל לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן. איך האָב געזען, אַז מען איז נאָך ניט אינגאַנצן הפקר. איך האָב גלייך געדונגען אַ קליינע וואוינונג בשותפות מיט נאָך אַ פאַמיליע פון 11 מענטשן, און אַזוי האָב איך פאַרענדיקט דעם ערשטן טאָג אויף דעם קובאַנער אינזל.

די אייניציקע הילפס - אינסטיטוציע, וואָס האָט דעמאָלסט אמתדיק אַרויסגעהאָלפן די נייע אימיגראַנטן, איז געווען דער אויבן־דערמאָנטער „סענטראָ מאַקאַבעאָ״. עס איז באמת געווען צו באַוואונדערן ווי טייל אידן פון דעם דאַזיקן קאָמיטעט האָבן געאַרבעט מיט מסירת נפש צו העלפן ווי ווייט עס איז נאָר געווען מעגלעך. מען דאַרף היינט ניט פאַרגעסן, אַז דער צופלוס פון נייע אימיגראַנטן איז דאַן געוואָרן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. דאַקעגן, די כוחות פון די פּאָר אַמעריקאַנער אידן זענען געווען זייער באַגרעניצט. די פּאָר געציילטע עסקנים האָבן געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט דזשאָו שטיינבערג, מאַוריסיאָ שעכטער, פרוי טעלמאַ שעכטער, בען סעניאָר, העלער, ערעלשטיין, דוד בלים ע״ה און מר. לואיס דזשוריק ע״ה. גאַנץ באַזונדערס איז וויכטיק צו דערמאָנען דעם מר. שעכטער. ניט נאָר האָט ער זיך געלאָזט קאָסטן שווערע טויזנטערס פון זיין קעשענע, נאָר ער האָט אויך ברייט געעפנט די טירן פון זיין פריוואַטער וואוינונג פאַר די ניי־צוגעקומענע אימיגראַנטן. גאַנץ אָפט האָט מען אין זייער וואוינונג אָנגעטראָפן ביי 60־70 מענטשן אויף אַ טיי און צוביים. דאָס האָט אַ סך מענטשן דערמוטיקט אין זייער פאַרצווייפלטער לאַגע.

די ספרדים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן: די טערקישע אידן, האָבן דערמאָלסט זייער ווייניק געהאָלפן דעם נייעם אימיגראַנט. אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן איז געווען איינצולאַדן דעם ניי־אָנגעקומענעם אין זייער שול „שבת אחים״ דאַווענען און בעטן דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל העלפן...

שפּעטער, אין 1923, האָט אַ ליטווישער איד פון פּאַנעוועזש, ר׳ בן ציון סופר, איינגעאָרדנט אַ מנין אויף קאַיע פּאַולאַ נומער 17. אויפן ערשטן שטאָק פון יענעם הויז, אין אַ קליין, פינצטערן, ענג צימערל, האָט מען געדאַווענט שבת, יום טוב און טיילמאָל אינדערוואָכן אויך. דער דערמאָנטער פרומער איד איז געווען אַ כל ולך, בעל תפילה, בעל קורא, רב און גבאי. פון דעם דאַזיקן מנין איז שפּעטער געבוירן געוואָרן דער „עדת ישראל״ און דערנאָך — דער „כנסת ישראל״.

אַזוי ווי די נייע אימיגראַנטן האָבן קיין אייגענעם לאָקאַל ניט פאַרמאָגט, איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אין די אידישע רעסטאָראַנען. דאָ האָט מען זיך געטראָפן נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג פון פּעדלען אָדער אַנדערע שוואַרצע אַרבעטן. דאָ איז מען זיך געקומען צו דערכאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ „מעניו״, וואָס האָט

געקאָסט פון 10 ביז 20 סענט. די רעס־
טאָראַנען זענען דעמאָלסט געווען אַ נייער
פּרנסה־קוואַל פון פאַרשידענע אימי־
גראַנטן. עס האָבן זיך צוזאַמענגענומען
זעקס אָדער אַכט שותּפים און זיי האָבן
צוזאַמען אויפגעעפנט אַ רעסטאָראַן און
געשלעפּט קונים. אַזוי איז דעמאָלסט גע־
ווען אַ רעסטאָראַן אויף קאַיע קובאַ 116
און אויף קאַיע קובאַ 126. אַ שם דבר
איז געווען דער רעסטאָראַן פון קאַיע קובאַ
נומער 116, וואָס האָט געהאַט גאַנצע אַכט
שותּפים, און וואו ה' סענדער וואָלסאָן
איז געווען דער הויפּט מענעדזשער.
דאָרטן האָט מען באַקומען אַ גאַנצן „מע־
ניו" פון ברויט, קאַרטאָפל מיט באָרשט
און אַ ביין, וואָס האָט געדאַרפט דינען
במקום פליייש, פאַר 10 סענט. שפּעטער
האָט דער אַנדערער רעסטאָראַן, פון קובאַ
נומער 126 אָנגעפאַנגען שטאַרק קאָנקור־
רירן דעם פּרייז. איינער פון די הויפּט־
מענעדזשערס פון יענעם רעסטאָראַן, וואָס
האָט אויך געהאַט זעקס שותּפים, איז ניט
געווען קיין אַנדערער ווי ה' א. אַראָנאָווס־
קי, אונזער היינטיקער באַליבטער דיכ־
טער. שוין דעמאָלסט האָט ה' אַראָנאָווסק
אין רעסטאָראַן מסחר אַרויסגעוויזן זיינע
דיכטערישע פייאיקייטן; ער האָט „אויס־
געדיכטעט" אַ „מעניו" פון ברויט, קאַר־
טאָפל מיט אַ קרויט באָרשט און דערצו
אַ מאַרך ביין, פאַר זעקס סענט. פון
דעם אַלעם קען מען שוין האָבן אַ קלאָרן
באַגריף איבער דעם שווידערלעכן מצב פון
יענע עמיגראַנטן.

אין די רעסטאָראַנען האָט מען דעבאַ־
טירט פאַרשידענע זאַכן, דער עיקר טאַקע
ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אַליין, מיט איי־
גענע כּוחות, אַ גמילות חסד פאַר אַן אימי־
גראַנט, ווען ער נויטיקט זיך אין דעם,
אָדער קרעדיט, כּדי ער זאָל קענען אָנהויבן
צו שטיין אויף די אייגענע פיס.. אַזוי ווי
עס איז דאַן געווען ערשט אַ קורצע צייט
נאָך דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע אין
רוסלאַנד, איז געווען אין דער מאָדע זיך
אַביסל צו פאַרבן „רויט". ווער עס האָט
געוואָלט גילטן אַלס אינטעליגענט, דער
האָט געדראָשן לינקע פראַזן.

סוף כּל סוף איז געבוירן געוואָרן דער
געדאַנק זיך אַליין צו אָרגאַניזירן. דוד
בלים ע"ה, האָט אַריינגעגעבן נשמה און
וואַרימקייט אין דעם נייעם אימיגראַנ־
טישן עלעמענט. ער אַליין האָט געהאָלפן
ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט. מ'האָט
אין אים געפילט אַן אייגענעם טאַטן,
וועלכער וויל אויפריכטיק העלפן אויפבויען
אַ שטיקל היים פאַר די נע ונדניקעס.

ווען די פאַרדינסטן פון דוד בלים
פאַר אונזער ישוב, וואָלט געווען זייער אַ
סך צו שרייבן. דער נאָבעלער און טייערער
איד האָט אַוועקגעגעבן כּמעט זיין גאַנץ
פאַרמעגן און זיין נשמה פאַר די נייע
עמיגראַנטן. נאָך איידער דער „האיאס"
און „דזשאָינט" האָבן אָנגעהויבן צו געבן
הילף די נייע עמיגראַנטן, האָט דער ליב־
האַרציקער איד פון זיין אייגענער קעשענע
געגעבן גמילות חסדים'ס (וואָס מען האָט
קיינמאָל נישט צוריקגעצאָלט). אַ סך אידן
האָט ער אויסגעהאַלטן אינגאַנצן, מיט
עסן, דירה־געלט און מלבושים. דער זעל־
בער דוד בלים איז שפּעטער געווען דער
גייסטיקער פאָטער פון אידישן צענטער,
ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, שולע און
בכלל פון אַלע אַקטיוויטעטן, וואָס האָט
דעמאָלסט אַרומגענומען דעם אידישן
לעבן. נישט בחינם האָט דוד בלים באַ־
קומען דעם צונאָמען „זיידע" פון קובאַ־
נער אידישן ישוב.

לאָמיר גראַד היינט, ווען מיר זענען
זיך משמח איבער דער גרויסער געשעע־
ניש פון לייגן דעם גרונטשטיין און פונ־
דאַמענט פאַר אַ שטאַרקער אידישער צו־
קונפט, נישט פאַרגעסן אין דעם גרויסן
איד דוד בלים ע"ה, וואָס איז געווען דער
ערשטער פּיאָנער פון אונזער היינטיקן
ישוב.

# די קייט

— פון —

## יצחק למדן

איבערזעצט פון העברייאיש — מרדכי יאפע

נישט צעריסן איז די קייט נאָך,
ס'ציט זיך אַלץ די קייט און ציט זיך
פון די עלטערן צו קינדער,
פון אַ שייטער צו אַ שייטער
ציט זיך אַלץ די קייט און ציט זיך.

נישט צעריסן איז די קייט נאָך,
ס'ציט זיך אַלץ די קייט און ציט זיך
פון די נעכט פון שמחת־תורה
ציט זיך אַלץ די קייט און ציט זיך.

ס'האָבן עלטערן געטאַנצט דאָרט:
איין האַנט אויף דעם צווייטנס פּלייצע,
צווייטע האלט אַ ספר־תורה —
מיט דעם פאַלקס־יאָך, פול מיט ליבשאַפט,
האָבן עלטערן געטאַנצט דאָרט.

אַט אַזוי אויך טאַנצן מיר דאָ:
איין האַנט שטאַרקט דעם קרייז — די צווייטע
גלעט דעם ווײי פון דורות־דויער
— איין גרויס בוך פון פּיין און טרויער —
אַט אַזוי אויך טאַנצן מיר דאָ.

אונזערע עלטערן אין טאַנצן
האָבן צוגעמאַכט די אויגן —
און ס'האָט פרייד־קוואַל זיך צעעפנט.
לייכט די פיס אַזוי און מונטער,
און מיט צוגעמאַכטע אויגן
אונזערע עלטערן אין טאַנצן.

ס'האָבן עלטערן געוואוסט דאָך,
אַז זיי טאַנצן איבער תהומען;
ווען זיי עפענען די אויגן —
ווערט פאַרשטאָפּט דער קוואַל פון שמחה,
ווערט די קייט אין תהום צעשפּליטערט.
האָבן עלטערן געוואוסט דאָך.

אָט אַזוי אויך טאַנצן מיר דאָ,
אויך אַזוי פאַרמאַכט די אויגן,
אַזוי ציען מיר די קייט איצט
מיט פאַרמאַכטע אויגן, טאָמער
רייסט זי אָפּ זיך און צעשיט זיך —
אָט אַזוי אויך טאַנצן מיר דאָ.

אַזוי ציען מיר די קייט נאָך,
ס'איז די קייט נאָך ניט צעריסן.
וואו זי פירט? וואוהין זי גייט נאָך?
ווייטער, ווייטער, ווייטער, ווייטער,
אָן שום שאלה, אָן שום מענה —
אַזוי ציען מיר די קייט נאָך.

# אַ גייסטיקע בריק
# צווישן ישוב קובאַ און ארץ ישראל

— פון —

## נחמן סאָלאָווייטשיק



אַ לעגענדע איז אָפּגעשטאָרבן. מיר דערציילן זי נישט מער אונזערע קינדער — אַ לעגענדע, וואָס אונזער מאַמע האָט זי אונז דערציילט, אָדער די באָבע, אָדער דער מלמד אין חדר. דאָס איז די לעגענדע, אַז ווען משיח וועט קומען וועלן אידן שפּרייזן, שטאָלץ און זיגרייך, איבער אַ פּאַפּירענע בריק, קיין ארץ ישראל. די דאָזיקע לעגענדע האָט גערייצט די פאַנטאַזיע אין אונזערע קינדערשע מוחות און געוואַרימט אונזערע הערצער.

און אפשר האָט זי, ווי אַ סך אַנדערע לעגענדעס, געהאָלפן אויפהאַלטן אין אונ־זער אונטערבאַוואוסטזיין דעם אידישן שטאָלץ, דעם אידישן פונק און דעם אי־דישן בטחון אין לעבן...

איז טאַקע אַ שאָד, וואָס די לעגענדע שטאַרבט אָפּ. ווייל, ווייל מען, איז זי נישט מער ווי אַ נאַאיווע און באַחנטע שאַפונג פון דער פאַנטאַזיע פון אַ פאַר־בענקט פאָלק צו זיין אייביקער היים; ווייל מען אָבער, איז זי אויך אַ סימבאָלישער אויסדרוק פון אַ היסטאָרישן אמת. וואו דער גורל האָט אונז נישט פאַרוואָרפן, וואו די שוואַרצע גלות־נאַכט האָט אונז נישט געוואָלט פאַרטרינקען, איבעראַל האָט אייביק עקזיסטירט די פּאַפּירענע בריק פון בענקשאַפט קיין ציון — מגילות, ספרים, דיכטונגען און תפילות, וויג־לידער און קינות — פּאַפּיר געגנוג צו בויען בריקן פון יעדן ווינקל פון דער וועלט ביז קיין ציון האבלה.

און ווייל מען זיך באַנוצן מיט סימ־באָלישע טערמינען, איז טאַקע אַלץ, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אויפן וועג פון דער אידישער גאולה, געשען שפּאַנענדיק אויף דער דאָזיקער לעגענדאַרער משיח־שער בריק. און אויך אויף להבא, וואו נאָר מיר וועלן אָנהאַלטן אַ אידישן ישוב,

מוז מען זאָרגן, אַז אַט די בריק זאָל ווײ־טער שטיין.

דער גורל אונזערער האָט אונז אויס־דערוויילט צו לעבן אין אַ דור, וואו די בריק דאַרף דינען נישט נאָר פאַר אַבס־טראַקטע באַגריפן, ציון און ארץ ישראל, נאָר אַ בשר ודמדיקן ארץ ישראל, פון רעאַליטעט, ברויזנדיקע שאַפונגען און גאולה־פּראָצעס, וואָס איז אַצינד אויפן וועג פון פאַרווירקלעכונג.

איז טאַקע היינט, ווען מיר, קובאַנער אידן, שטייען ביי דער שוועל פון אָרגאַ־ניזירן און אָרדענען אונזער קיום אַלס אידן דאָ אין קובאַ, מוז מיר זיך, קודם כל, עקשנען צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער קולטור און גייסט בריק צווישן אונז און ארץ ישראל. איבערגעזעצט אין שפּראַך פון טאָג־טעגלעכן לעבן הייסט עס, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ גאַנצע רייע אַקטיווע אויפגאַבן, וועלכע מיר מוזן רעאַליזירן און אויספילן. ווייל טאָמער נישט, דראָט אונז די סכנה פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ טויטן אבר, אין אַ דעקאַ־דענטישן שבט.

די ראָלע אונזערע איז אַ טאָפּלטע: פון נעמער און געבער. מיר מוזן בסדר זאָרגן, אַז מיר און אונזערע קינדער זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט אונזער טראַדיציאָ־נעלער אהבת ציון. מיר מוזן זאָרגן, אַז אונזער ישוב זאָל תמיד זיין גרייט מיט חלוצים אין צייט פון שלום און מיט קעמפער אין צייט פון מלחמה. מיר מוזן זאָרגן, אַז אַ כסדרדיקער שטראָם פון יוגנטלעכע זאָל פליסן קיין ארץ ישראל — אָדער שטודירן, אָדער סתם וואוינען דאָרט אַ שטיקל צייט. מיר מוזן זאָרגן, אַז אַפילו די, וועלכע האָבן ביי זיך אָפּגע־מאַכט דאָ אויסצולעבן זייערע יאָרן, זאָלן כאָטש איינמאָל אין לעבן עולה רגל זיין קיין ארץ ישראל, כדי זיך אָנצוזאַפּן מיט אידישן אינהאַלט פאַר זיך גופא און פאַר זייערע קינדער. מיר מוזן זאָרגן, אַז אין אונזערע היימען, אין אונזערע אינסטי־טוציעס, אין אונזערע קינדער־שולן, טעמפּלען און בתי־כנסת; אין אונזער פּרעסע אין די פאַרשידענע שפּראַכן, אין אונזער לעבעדיק גערעדט וואָרט, ווי טעאַ־טער א. אַנד. — אומעטום זאָל דער בונד און די בריק מיט ארץ ישראל אָנגעהאַלטן ווערן. מיר מוזן מאַכן אַלע מעגלעכע אָנ־שטרענגונגען, אַז אונזערע קינדער זאָלן זיך אויסלערנען באַהערשן אונזער אייביקן שפּראַך־אינסטרומענט, העברייאיש, כדי אַזוי אויסצומיידן, אַז עס זאָל זיך נישט שאַפן קיין תהום צווישן דער יוגנט אין ארץ ישראל און אונזער אייגענער יוגנט דאָ אויפן פּלאַץ. מיר מוזן זאָרגן צו האָבן דערציער, לערער און אינסטרוקטאָרן פון ארץ ישראל.

מיר וואָלטן געקענט אַזוי אָנוואַרפן נאָך אַ סך פּלענער, וואָס זאָלן העלפן אָנהאַלטן דעם בונד צווישן דעם אידישן ישוב פון קובאַ און ארץ ישראל, ווי, צום ביישפּיל שאַפן יערלעכע סטיפּענדיעס פאַר סטודענטן, וואָס פאָרן שטודירן קיין ארץ ישראל, לאָמיר זאָגן, פאַר צוויי אידן און פאַר צוויי קריסטן (די צוועקמעסיקייט פון אַזאַ סטיפּענדיע פאַר קריסטן איז פון אומגעהויערער וויכטיקייט. עס איז גאָר אַ שאָד, וואָס צוליב דער באַגרעניצטקייט פון פּלאַץ איז נישט מעגלעך זיך אָפּצו־שטעלן אַביסל ברייטער וועגן דעם ענין): העלפן שאַפן אין קובאַ אַ מאַרק פאַר ארץ ישראל פּראָדוקציע (אין העברייאיש איז עס באַקאַנט אונטערן נאָמען תוצרת הארץ); זען איינצואָרדענען פון צייט צו צייט עקספּאָזיציעס פון ארץ ישראלדיקער קונסט און קולטור. עס דאַרפן אויך פאָר־קומען אויסשטעלונגען פון דאָרטיקע קינסטלער. זאָלן מיר זיך גוט אריינלעבן אין זייערע מאַלערייען, סקולפּטור און פילמען. מיר דאַרפן סטימולירן טעאַטער פאָרשטעלונגען פון דאָרטיקע קינסטלער

און ספּאָרט־אויפטריטן פון אונזערע ארץ־
ישראל ברידער.

מיר וואָלטן אויך געדאַרפט האָבן אַ
פּאַרלאַג, וואָס זאָל פּעריאָדיש אַרויסגעבן
די פּערל פון דער העברייאישער ליטע־
ראַטור, פון עבר און פון דער מאָדער־
נער צייט, אין שפּאַניש; אָנהאַלטן
אַ שטענדיקן דעפּאַרטמענט, וואָס זאָל
כסדר און סיסטעמאַטיש פירן אַן אויפ־
קלערונג־טעטיקייט אין ישוב וועגן דער
וויכטיקייט פון כאָטש טייל־ווייזער אינ־
וועסטירונג פון אידישן קאַפּיטאַל אין ארץ
ישראל (אויך דאָס איז אַן ענין וועגן
וועלכן מען וואָלט געדאַרפט רעדן אַ סך
ברייטער).

די אַלע אויבן־אָנגעוואָרפענע פּלענער,
וואָס שעפּן ווייט נישט אויס אַלע פּעדים,
וואָס דאַרפן אונז פאַרבינדן מיט ארץ
ישראל, און וואָס זענען דאָ כאַאָטיש אָנ־
געוואָרפן, וואָלטן געדאַרפט סיסטעמאַטי־
זירט ווערן און ווי געהעריק באַטראַכט
ווערן פון דער קומענדיקער אידישער
צענטראַלער רעפּרעזענטאַנץ אין קובאַ.
עס וועט דאַרפן געשאַפן ווערן אַ
פּערמאַנענטער ארץ ישׂ־
ראל־ראַט, וועלכער זאָל זיך
ספּעציעל אָפּגעבן דערמיט און די אַרבעט
פּלאַנירן און דורכפירן. אין דעם דאָזיקן
ראַט זאָלן אַריין אונזערע פאַראַנטוואָרט־
לעכסטע געזעלשאַפטלעכע און אינטע־
לעקטועלע כוחות. דאָס וועט אפשר אויך
זיין אַ מיטל צו העלפן לייזן דעם אָרגאַ־
ניזאַציאָנעלן און אידייאישן קריזיס, וואָס
דאָס גלות־אידנטום מאַכט דורך זינט דער
אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל אין פּרט
פון רעגולירן די באַציאונגען צווישן גלות
און ארץ ישראל.

וועלן מיר ריכטיק באַלאַנסירן די
באַציאונגען צווישן דעם קו־
באַנער אידנטום און ארץ ישראל, האָבן
מיר אַלע אויסזיכטן צו בלייבן אַ גרופּע
מיט פולן זעלבסטרעספּעקט, און די
טרייב־קראַפט צו צענטראַליזאַציע פון
היגן אידישן לעבן וועט דאַן באַשטיין ניט
נאָר אין דעם, וואָס מען וועט אַ איד
נישט צולאָזן אין יאַכט־קלובן, וכדומה,
און דאַן וועט דאָס קול פון קובאַנער
אידנטום געהערט ווערן אין אַקאָרד טענער
צוזאַמען מיט די שטימעס פון די אידן
פון אַנדערע לענדער אין דער גרויסער
סימפאָניע פון אידישן רענעסאַנס און
אויפלעבונג.

און דאַן וועלן אפשר אויפהערן אָפּצו־
שטאַרבן די וואונדערלעכע לעגענדעס
וואָס דאָס אידישן פאָלק האָט אויסגע־
חלומט, און עס וועט זיין פּלאַץ אויף דער
וועלט פאַר אַ רעספּעקטירט אידנטום.
ווייל ווער עס וויל רעספּעקט געניסן, מוז
קודם־כל זעלבסטרעספּעקט פאַרמאָגן. און
צו דעם קאָן מען קומען בלויז דאַן, ווען
מען פאַרשטייט ווי אַזוי אָפּצושאַצן
אַזעלכע לעגענדעס ווי די לעגענדע וועגן
משיחס פּאַפּירענער בריק.

# נישט-אנגעצינדענע ליכט

— פון —

## יוסף קליינער



זעקס זענען זיי געזעסן — פיר אלטע באקאנטע, און צוויי צוגעקומענע — ארום א טישל, אין סאמע אויבן־אן, ארומגעשטעלט מיט כל טוב, אויף איינעם פון די — לעצטנס זייער שטארק אין מאדע — יובילײ־באנקעטן פון דער אידישער קאלאניע אין קובא.

זעקס זענען זיי געזעסן און — ווי אלעמאל, אזוי אויך היינט — זיך ניט וויסנדיק געמאכט פון דער פייערלעכער דערעפענונג, פון די לאנגע סעקרעטאריאט באריכטן, וואס זענען ארויסגעלייענט געווארן פון פאפירן און פאפירלעך און האבן ארומגערעדט און באריכטעט וועגן באלאנסן, וואס באלאנסירן זיך ניט; וועגן מיטגלידער־קאמפיינען, וואס ענדיקן זיך קיינמאל ניט; וועגן אקטיוויטעטן, וואס בלייבן תמיד אין פראיעקט און אויף פאפיר; וועגן פראקלאמירטע עמערגענץ־קאמפיינען, וואס גיבן זיך קיינמאל ניט איין, און וועגן בודזשעטן, וואס זענען ווי די קורצע קאלדרע: דעקט איר צו דעם קאפ, שטעקן ארויס די פיס, און דעקט איר צו די פיס, בלייבט אייך דער רעשט גוף אינדרויסן...

זעקס זענען זיי געזעסן, ווירדיק און מיט חשיבות, און ניט געלייגט די מינדסטע אויפמערקזאמקייט צו די צעהיצטע רעדנער, וועלכע האבן שוין — אויפגערעגטע און אגרעסיווע — מיט די באריכטן אין די הענט גערדאט צו שליסן די אדער יענע שטיצע־טעטיקייט; די אדער יענע אינסטיטוציע; דעם אדער יענעם אפיס, און ענדלעך אנאנסירט בקולי־קולות, אז זיי קאנען שוין מער ניט, זיי רעזיגנירן אויף שטענדיק און אייביק, און זאל זיין וואס ס'וועט זיין, זיי ארט גארניט. מער ניט. ווען מען גיט מען איבער דעם שליסל, די באריכטן און דעם כראנישן דעפיציט?...

זיי, די זעקס ארום טיש — פיר אלטבאקאנטע און צוויי צוגעקומענע — זענען געבליבן רואיק און געלאסן. שוין באלד דרייסיק יאר ווי זיי הערן דאס אויף יעדער פארזאמלונג. זיי זענען דערצו

שוין צוגעוואוינט געווארן. זיי זענען געזעסן און פריינטלעך געשמועסט צווישן זיך און העפלעך אויסגעהערט איינעם דעם-אנדערן.

איך האב זיך פון א זייטיקן פלאץ צוגעהערט מיט אינטערעס. ערשטנס, זענען דא, ארום דעם טיש, די פיאנערן פון אידישן ישוב אין קובא. יעדער פון זיי האלט נאך איצט אן א האלבן דאזן ערן-דזשאבס, רעפרעזענטירן דעם ישוב, אויף זייערע אייגענע הוצאות, ווען און וואו מ'דארף, העלפן כסדר ארויס מיט א גוט ווארט, מיט אן עצה און מיט.. א קרעכץ.

מ'האט גערעדט וועגן דעם, וואס שוין באלד דרייסיק יאר אידישער י ש ו ב אין קובא שטייען מיר נאך אלץ ביים אנפאנג; עס פעלן אונז די עלעמענטארסטע אינסטיטוציעס פון א נארמאלן אידישן ישוב; מיר האבן בשום אופן ניט געקאנט שאפן קיין באשטימטע אינסטיטוציעס, נויטיקע פאר א גוט-פונקציאנירנדיקן און גוט-איינגעארדנטן ישוב; מיר האבן ניט באוויזן צו דעקן די עלעמענטארסטע באדערפעניישן פון דער אידישער קאלאניע אין קובא און עס פעלן אונז געשולטע טוער, וואס זענען אזוי מערקבאר אין אנדערע אידישע ישובים אויפן אמעריקאנער קאנטינענט.

— ווער איז שולדיק? — האט גענומען דאס ווארט איינער פון די צוגעקומענע. — ווער איז שולדיק אין דעם, וואס אלעמאל פארמאכן מיר אן אנדער אינסטיטוציע פון ישוב, און די טענדענץ ביי אונז איז כסדר מאכן פון דריי — צוויי, און פון צוויי — איינס? ווער איז שולדיק, וואס אנשטאט זיך צו אנטוויקלען אין דער לענג און אין דער ברייט, דארן מיר גאר איין, ר"ל, און ווערן פון טאג צו טאג איינגעשרומפענער און ניט נאר האבן מיר ניט צוגעשאפן קיין נייעס, נאר מיר ווערן אלץ רעדוצירט און רעדוצירט? ווער איז שולדיק אין דעם, פרעגט איר? מיר דאכט זיך, אז שולדיק אין דעם איז אונזער אויסדריקלעכער פארלאנג צו האבן מיט זיך נאר א קליינעם האנט-באגאזש, א מין טאשן-געזעלשאפטלעכן באגאזש, וואס זאל זיין קליין, אומבאמערקבאר און באשיידן און אונז דערלויבן צו זיין פרייע פויגל פאר אונזעו אייגענעם גענוס. דעם טאג מ ו ז מ ע ן דאך האבן פאר זיך, די נאכט איז פאר, מ'שטיינס געזאגט, אביסל תענוג: דאמינא, קארטן, קאבארעט און רומבא. מ'איז דאך נאר א מענטש! ווען-זשע, איך בעט אייך, קאן מען זיך פארגינען ניט רעדוצירטע טעטיקייטן? און מהאי טעמא, אויב א מענטש האט שוין באוויזן די פייאיקייט צו קענען זיין א פרעזידענט, אדער א סעקרעטאר, אדער טאן וועלכע עס איז געזעלשאפטלעכע ארבעט און דערביי ניט אנווערן דאס ביסל עולם הזה, טאר מען א ז א מ ע נ ט ש ן נ י ט א ו ו ע ק ל א ז ן. נישקשה, אויב ער ק ע ן ד י ק ו נ ץ, איז ער דאס מחויב צו טאן ע ד ס ו ף כ ל ה ד ו ר ו ת.

דער-א פארלאנג פון טאשן-געזעלשאפטלעכקייט האט אונז געבראכט צו דעם, אז מיר זאלן פארלירן אויפן וועג פון אונזער „אנטוויקלונג" דעם מעדיציניש דעפארטמענט, ביבליאטעק, שול-און-קולטור קאמיסיע, לייקאסע און טראנסמישאן אפעראציעס, יורידישע אפטיילונג, עמיגראציע דעפארטמענט און פארטיידיקונגס-קאמיטעט, וואס האבן געדארפט אין פראצעס פון זייער אנטוויקלונג פארמירן די פ א ל ק ס - ב א נ ק, דעם א י ד י ש ן ש פ י ט א ל, די א י ד י ש ע מ י ט ל - ש ו ל און פ א ל ק ס - א ו נ י ו ו ע ר ז י ט ע ט, די ש ט א ט י ש ע פ א ל ק ס - ב י ב ל י א ט ע ק און צענטראל-קאמיטעט.

דאָס דערמאָנט מיך אַ מעשה שהיה מיט מיינעם אַ פריינט. ער האָט זיך געלאָזט מאַכן אַ פּראָק־אַנצוג צוליב דער מגפה פון באַנקעטן אין ישוב. אַזוי ווי ער איז אָבער כסדר פאַרנומען, האָט ער דעם פּראָק ניט אָנגעמאָסטן, ווען דער שניידער האָט עס אים אָפּגעבראַכט. און מעשה שטן, ערב אַ וויכטיקן געזעלשאַפט־לעכן באַנקעט געפינט ער אויס, אַז זיינע באַנקעט־הויזן זענען צו־לאַנג, שלעפן זיך ממש אויף דער ערד. צובייזערט ער זיך אויף זיינע בני בית, למאי זיי האָבן אים ניט אין זינען, און צו אַזאַ קליינער אָפּעראַציע, ווי קירצער מאַכן די הויזן, וועט מען מוזן גיין אויסזוכן דעם שניידער. דאָ ווייסט ער ניט זיין טעלעפאָן, פאַרלירן דעם אַדרעס און... מאָרגן איז דער באַנקעט! ער איז מיט פאַרדרוס און רוגזה אַרויס פון שטוב, ווייל היינט האָט ער אַ פּאָקערל ביי אַ נאָענטן פריינט.

נאָך זיין אַוועקגיין האָט זיין עלטע מוטער שטילערהייט אַרויסגענומען די באַנקעט־הויזן, און קרעכצנדיק, וואָס איר שנור און אייניקל האָבן טאַקע גאָר ניט אין זינען איר בן יחיד, האָט זי וויינענדיק אָפּגעשניטן אַ בכבודיקן שטיק פון די הויזן און זיי צוריקגעלייגט אויפן זעלבן פּלאַץ.

ווען די מאַדאַם איז נאָך האַלבער נאַכט געקומען פון דער „פּאַרטי", האָט זי זיך באַדענקט, אַז אפשר איז איר מאַן גערעכט, דעם שניידער קאָן מען שוין ניט קריגן, און די הויזן מוז מען צורעכט מאַכן, ווייל ער מוז דאָך מאָרגן גיין אויפן באַנקעט. גערעדט און געטאָן: זי האָט אַרויסגענומען די הויזן און אָפּשניידנדיק אַ ריכטיקע שטיק פון זיי איז זי אַ צופרידענע געגאַנגען שלאָפן.

פאַרטאָג, ווען די טאָכטער איז געקומען פון טאַנץ־באַל, האָט זי זיך מיישב געווען און צוליב געטאָן דעם „דעדי לאָנג לעגס": זי האָט געשמאַק קירצער געמאַכט די הויזן.

ווען מיין פריינט איז מיטן ווייסן טאָג געקומען פון „פּאָקערל" און געטראָפן אַלע שלאָפן ווי געהרגעטע, האָט ער מיט האַרצווייטיק אַרויסגענומען די הויזן און געמאַכט די ריכטיקע אָפּעראַציע...

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויפן באַנקעט איז ער געקומען כמעט אָן הויזן...

איר פאַרשטייט? וואָס איז דאָ דער חידוש? מיר האָבן אַמאָל געהאַט אַ פּאָר לאַנגע הויזן. איז אונזער איינציקע באַשעפטיקונג ביז היינט צו קירצן און קירצן, צו רעדוצירן און רעדוצירן — האָט ער, מעשה זיגער, פאַרענדיקט זיין אַרגומענט.

— ניין, ניין! — האָט מיט הארץ זיך אָפּגערופן דער עלטערער צווישן זיי. — די פּאָקעט־געזעלשאַפטלעכקייט איז אַ רעזולטאַט, אָבער ניט קיין סיבה. די ריכטיקע סיבות זענען געווען די אילוזיעס און חלומות פון דער ערשטער אידישער איינוואַנדערונג קיין קובאַ. זיי, די ערשטע עמיגראַנטן, זענען אַממערסטן שולדיק אין דער אומנאָרמאַלער אַנטוויקלונג פון דעם אידישן ישוב אין קובאַ. איבערהויפּט האָט פון אונז אַ תל געמאַכט די ערשטע אינסטיטוציע פון ישוב — די אָפּשייד־באַנקעטן! עס האָט אונז אויך אומגליקלעך געמאַכט די ערשטע ליידנשאַפטלעכע באַשעפטיקונג פון די ערשטע איינוואַנדערער: שרייבעריי... מ'האָט געשריבן בריוו צו וועמען מען האָט נאָר געהאַט אַן אַדרעס: צו אַלע קרובים, באַקאַנטע און שני שבשלישי'ס אין די שטאַטן; מ'האָט דערנאָך אונטערגעשריבן די באַקומענע טשעקן און געשריבן ביטעס צום אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און אונטערגעשריבן פּעטיציעס צו באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע און... מען האָט גלייך געפייערט אַ

שטילן אָפּשייד־באַנקעט און שטיל פאַר־
לאָזן קובאַ, נאָך איידער מ'איז אַהין ריכ־
טיק אָנגעקומען!

דערווייל? דערווייל, צווישן איין אָפּ־
שייד־באַנקעט און אַ צווייטן, האָט מען
געשאַפן ספּאָרט־קלובן און אַ פאַרוויילונג־
צענטער אויף דערווייל, צייטווייליק
אַוועקצוהרגענען די צייט, ביז מען וועט
באַקומען די וויזע. קובאַ האָט דעמאָלסט
אויסגעזען ווי איין גרויסער, ריזיקער
וואָקזאַל, אין וועלכנס וואַרט־צימער עס
איז געזעסן אויף געפּאַקטע טשעמאָדאַנעס
די גאַנצע אידישע קאָלאָניע און געוואַרט
אויף איר צוג... און אַז מ'איז אויף אַ
וואָקזאַל איז דאָך נאַריש צו זאָרגן פאַר
דער צוקונפט, בויען נאָרמאַלע, זיכערע
אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן זיך אַליין
אויסהאַלטן ווי אַ חי נושא את עצמו, אַז
מ'איז אויף אַ וואָקזאַל צייטווייליק, באַ־
דאַרף מען דאָך ניט טראַכטן וועגן דויער־
האַפטיקס, וועגן זעלבסט - דערציאונג,
אָדער גאָר וועגן דערציאונג פון אונטער־
וואַקסנדיקן דור. צו וואָס? פאַר וועמען?
צוליב וועמען און צוליב וואָס?

די אָפּשייד־באַנקעטן זענען דעריבער
געוואָרן דער איינציקער ליכטיקער שטראַל
פרייד אין דער אַרומיקער צייטווייליקער
פינסטערער צעטומלטקייט און דאָס איינ־
ציקע שטאַנדהאַפטיקע אין דער כסדרדי־
קער צייטווייליקייט. אויף די אָפּשייד־
באַנקעטן האָט מען זיך פרום און האַרציק
געוואונטשן: איה"ש גיך און גרינג ביי
אייך. אמן! אמן! און מען האָט שטיל
און מיט קנאה געקרעכצט. איר פאַר־
שטייט, מיינע פריינט? — האָט ער מיט
אַ זויערער מינע פאַרענדיקט — אַ קאָלאָ־
ניע מיט אַ רייזע־טיקעט אין קעשענע
זיצט אויף טשעמאָדאַנעס און פאַרווילט
זיך צייטווייליק אויפן חשבון פון אַן אַמע־
ריקאַנער סובסידיע. וואָס, מ'שטיינס גע־
זאָגט, האָבן מיר געקענט שאַפן דויער־
האַפטיקס, מיטן בליק אויף דער צוקונפט?
פאַר וועמען? ווער האָט זיך אין דעם גע־
נויטיקט? עס פלעגט טרעפן, אַז פון אַ
פאַרוואַלטונג פון 32 מענטשן פלעגן ביים
סוף יאָר בלייבן די צוויי סופּלענטעס!...

— אַנטשולדיקט' — האָט אים העפ־
לעך איבערגעשלאָגן דער אינגערער —
עס איז טאַקע זיכער און קלאָר, אַז די
ערשטע עמיגראַנטן האָבן פיל געזינדיקט,
באַטראַכטנדיק קובאַ אַלס אַ צייטווייליקן
מקום, אַלס שפּרינג־ברעט צו די שטאַטן,
אָבער אַזוי זענען אויסגעבויט געוואָרן
אַלע אידישע ישובים אין גאָר דער וועלט:
צוערשט צייטווייליק, כלומרשט אויף אַ
קאַטאָוועס, אויף דער ווייל (פּוילן: פּה־
לין, אָט־דאָ נעכטיק איבער') — אָבער
פונם „דערווייל", ביז מען האָט זיך גוט
אַרומגעקוקט, איז מען מיט לייב און לעבן
געווען איינגעוואָרצלט אויף לאַנגע, לאַנגע
יאָרן. דאָס איז געווען דער פאַל מיט קובאַ,
צוערשט אויף דערווייל, קאַטאָוועסדיק:
פּעדלער, שניידער, שוסטער און סאָדע־
וואַסער פאַרקויפער, און מיטאַמאָל זענען
פון אָט די פּעדלער געוואָרן סטאָרקיפּערס,
פון די שניידער — אינדוסטריאַליסטן;
פון די שוסטער — פאַבריקאַנטן און אַל־
מאַסעניסטן, און אַזוי אַרום האָבן זיך
געשאַפן וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.
אַזוי איז דאָס געווען אומעטום
און עס וואָלט זיכער געווען אויך אין
קובאַ, ווען ניט... ווען ניט... די ניט־
אָפּגעריסענע קאַלענדאַרן!

— זייט רואיק, מיינע הערשאַפטן —
האָט ער געלאַסן אָבער ענערגיש באַרו־
איקט די אַנדערע. — ס'איז אַ פעסטגע־
שטעלטער, אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט.
איך אַליין האָב דאָס אַנטדעקט צופעליק,
און דאָס — אַ דאַנק אַ אידישן שרייבער,
וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין
קובאַ און אויף מיין גורל איז אויסגע־
פאַלן אים, צו ווייזן אונזערע קאָמערציעלע

און אינדוסטריעלע דערגרייכונגען אויף דעם קראָקאָדיל־שטאַלטיקן אינזל קובאַ.

איך האָב אים אַרומגעפירט פון סטאַר צו סטאָר און פון ווערקשטאַט צו ווערקשטאַט, און דער „טאָג"־שרייבער האָט אַלץ, מעשה מבין, באַטראַכט, באַקוקט, זיך נאָכגעפרעגט וועגן איינצלהייטן און זיך מיט אינטערעס אַרומגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך און דערנאָך... דערנאָך האָט ער האַרציק־פּאַטערלעך געלאַכט. צוערשט האָב איך זיך געוואונדערט פון זיין לאַכן נאָך יעדן באַזוך, נאָכדעם בין איך געוואָרן דערשטוינט פון זיין אויפפירונג. צום לעצט... צום לעצט האָב איך זיך אַפילו געשראָקן פאַר אים. ביז ענדלעך האָב איך אים צוגעקוועטשט צו דער וואַנט: וואָס לאַכט איר? וואָס טוט זיך דאָ? ער האָט זיך אַפילו אין אָנהויב געקווענקלט, אָבער נאָכדעם האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין פאַרק, און מעשה גוטער ברודער, געקלאַפּט מיר אין פּלייצע און מיט באַדויערן זיך פאַרטרויט:

— היינט איז דער 10־טער מאַי. אָבער ווען איר האָט מיך אַריינגעפירט צו מר. עקים אין סטאָר איז אויף זיין קאַלענדאַר געווען דער 10־טער יאַנואַר! לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַ צופאַל, אָבער ווען ביי מר. זעטאַ איז געווען דער 5־טער יאַנואַר און ביי מר. איגרעק — דער 2־טער יאַנואַר, און ביי מר. איפּסעלאָן, ווי אין אַלע אַנדערע סטאָרס, איז דער קאַלענדאַר מיט דער שיינער, פאַרשייטער בתולה געהאַנגען פונקט ווי ער האָט איך באַקומען, אַפילו ניט אָפּגעריסן דאָס שערבלעטל, האָב איך פאַרשטאַנען און זיך צום באַדויערן איבערצייגט, אַז ס'איז ניט קיין צופאַל, נאָר ס ' א י ז אַ ס י ס ט ע ם ! ס'איז אַ וועלט־אַנשויאונג, ס'איז אַ לעבנס־אינהאַלט, ס'איז אַ געזעלשאַפטלעכע מכה! זיי לאָזן וואוילגיין די טעג און רייסן זיי ניט אָפּ! צו וואָס? יעדער טאָג איז פאַר זיי אַ מאָנאָטאָנע, איבערהזרנדיקע אידענטישקייט אויף מאַכן געלט, שפּילן פּאָקער, גיין אויף פאַרטיס מיט אַ היפּש אָנגעגעסן בייכל און.. גאָרניט! היינט, מאָרגן, נעכטן און איבערמאָרגן, ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

— ערשט דעמאָלסט, מיינע פריינט — איז פאַר מיר אַנטפּלעקט געוואָרן דער נאַקעטער אמתער אמת — זיי האָבן איין גרויסן חי־געלעבט־היינט אָן אַ נעכטן און אָן אַ מאָרגן. ערשט דעמאָלסט האָב איך באַשיינפּערלעך באַגריפן, אַז אַלע אונזערע אבנאָרמאַליטעטן, אַלע אונזערע צרות, אונזער געזעלשאַפטלעכע אימפּאָטענץ, איז אַ דירעקטער און קאָנסעקווענטער פועל יוצא פון די־אָ ניט אָפּגעריסענע קאַלענדאַרן, איר פאַרשטייט?

— שייך צי מיר פאַרשטייען? — האָט מיט פאַרדרוס זיך אָפּגערופן דער פערטער — מיר פאַרשטייען שוין זייער און זייער גוט, וואָס איר מיינט. איר מיינט, מירניט דיר־ניט, אַרויפלייגן די גאַנצע שולד אויף די פּלייצעס פון אונזערע „פּוערזאַם וויוואַס", אַז דאָס האָבן זיי ניט דערלאָזט, אַז די קאָלאָניע זאָל זיך נאָרמאַל אַנטוויקלען, אָבער דאָס איז אַ פּרט און ניט קיין כלל. וואו זענען די אַנדערע טיילן פון ישוב? די עסקנים, רבנים, לומדים, לערערס, געזעלשאַפטלעכע טוער, וואו זענען די... די אינטעלעקטואַלן? וואו זענען די אינטעלעקטואַלן? — האָט ער שוין פאַרביטערט פאָרגעזעצט — איר האָט בכיוון זיי פאַרשוויגן, און דאָס וואָס איר האָט געוואָלט מיט אַ באַשטימטער כוונה פאַרשווייגן — האָט ער געכעסט. — דערלויבט מיר דאָס אויסצושרייען בקול רם: אייערע אינטעלעקטואַלן זענען געוואָרן קאָך־לעפל, הינטערקוליסן טוער מיט פּלאָנטערנישן און פאַרדרייעניש, אַז גאָט זאָל שומר ומציל זיין.

— איר פאַרשטייט? — האָט ער זיך שוין באַרואיקט און העפלעך פאָרגעזעצט

— אַלע זיי, די אינטעלעקטואַלן, זענען
געווען פון שבט שמעון ולוי, פון די יע־
ניקע, וואָס זייער הויפּט־אַרבעט און באַ־
שעפטיקונג איז געווען: שטיין אויף אַ
שטאַנדפּונקט, נעמען אין אַכט, ציען די
אויפמערקזאַמקייט און ציילן פּויזעס. און
ווער זענען זיי געווען? בחורימלעך פון אַ
פינף־און־צוואַנציק ביז דרייסיק יאָר, און
אַז איר וועט זיך מטריח זיין און מאַכן
דעם חשבון, וועט אויסקומען, אַז זיי האָבן
זייער בילדונג באַקומען אין די רעכטע,
צעדרייטע און הפקרדיקע מלחמה־יאָרן,
וועט איר שוין אַליין פאַרשטיין, וואָס
פאַר אַ וואָגיקן גייסטיקן באַגאַזש זיי האָבן
געבראַכט קיין קובאַ און וואָס פאַראַ סאָרט
אינטעלעקטואַלן זיי זענען געווען, און
דאָס זענען עס געווען די יעניקע, וועלכע
פלעגן פון 'יענעמס אַ וואָרט מאַכן אַ
קוואָרט'', אָפּגעשפּאָט און אויסגעלאַכט
יעדן און אַלעמען, און זייענדיק אַליין
פאַרזונקען אין טומאה, האָט מען געזוכט
כשרות ביי אַנדערע.

— וואָלטן זיי געהאַט מוט און ענער־
גיע צו ווערן פאַראַנטוואָרטלעכע פירער,
וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ווייל
וואָס־וואָס — פייאיקייטן האָבן זיי פאַר־
מאָגט. איז אָבער געווען די צרה, וואָס
זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען אונ־
טער די פּלייצעס, דיריגירן הינטערן פאָר־
האַנג, ציען פאָדעם אין דער האַלב־פינצ־
טערניש און כאַפּן פיש אין מוטנע וואַ־
סער. און אַלס קוריאָז, וועל איך אייך
דערציילן, אַז ווען מען האָט אַמאָל, אין
אַן עת־צרה, צוזאַמענגערופן די היסטאָ־
רישע פאַרזאַמלונג פון די עקס־פּרעזי־
דענטן, האָט איינער פון זיי זיך גלייך
צוגעשטעלט צו דער פאַרזאַמלונג און
אויסגעדריקט זיין ענערגישן פּראָטעסט,
וואָס מ'האָט אים ניט איינגעלאַדן אויף
דער פאַרזאַמלונג.

— גייט שוין גייט! — האָט ער בתמי־
מות געענטפערט אויף דער באַהויפּטונג
פון די עקס־פּרעזידענטן, אַז זיי געדענקען
ניט, אַז ער איז אַמאָל געווען ערגעץ אַ
פּרעזידענט — מאַכט זיך ניט נאַריש!
איר ווייסט דען ניט, אַז פאַקטיש בין איך
געווען פּרעזידענט אין אייניקע אינסטי־
טוציעס פאַר די לעצטע יאָרן!

און ווירקלעך דערמאָן איך זיך, אַז
אויף איינע פון די פאַרזאַמלונגען האָט
זיך אויפגעשטעלט דער פּרעזידענט און
האָט אָנגעהויבן שוויצן ווי אַ ביבער און
אוועקגעלייגט אַן איינגעחזרטע דרשה בזה
הלשון:

„די גרונטלאַגן פון אונזער אויפ־
פאַסונג, וואָס אָנבאַלאַנגט דער פאַר־
וואָרצלונג פון אידישע זידלונגען אין
די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, זענען
אין פּראָגרעסיוו פּראָפּאָרציאָנעלער
קעגנערשאַפט צו דער קעגנוואַרטס־
פּראָגראַם־טעטיקייט פון אונזער אינס־
טיטוציע, ווייל קאָרעקט וויל איך זאָגן,
אַז די דירעקטאָרן מוזן קאָנקרעט...
מיין איך קאָרעקט... נאָ! מיין איך קאָ־
רעקט... נאָ! נאָ! מיין איך קאָנקרעט...
ניין! קאָרעקט...''

דערביי האָט ער זיך פאַרהאַקט און
זיך משונה'דיק פאַרהוסט. בליץ־שנעל
אַרויסגעכאַפּט אַ שטיקל פּאַפּיר פון בוזים־
קעשענע, אַ מינוט געקוקט מיט אַ ביטערן
פאַרדרוס אין פּאַפּירל און אַ געשריי גע־
טאָן צום עולם:

— סעניאָרעס, איך מיין קאָנקרעט!

און ווען ער האָט ענדלעך געענדיקט,
האָט ער זיך שווער אַוועקגעזעצט אויף
דער פּרעזידענטן־שטול און שטיל מיך אַ
פרעג געטאָן:

— ווי גלויבט איר, איך בעט אייך,
דער עולם האָט כאָטש עפּעס פאַרשטאַנען,
וואָס איך האָב געזאָגט? ווייל איך אַליין,
אסור אויב איך פאַר־
שטיי אַ וואָרט!

— איר פאַרשטייט? — האָט דער
פּערטער צופרידן געשמייכלט — די־אַ

זענען עס געווען די לערער! די פירער, מ'שטיינס געזאָגט! זיי האָבן דאָס אָוועק־געלייגט די רעלסן און די געזעלשאַפט־לעכקייט איז געפאָרן צו חוזק, אַפּאַטיע, גלייכגילטיקייט און הפקרות. עפּעס אַנ־דערש האָט געקאָנט פון דעם אַרויסקו־מען?

— איר פאַרשטייט? — האָט דער פערטער געוואָלט פאַרענדיקן זיין געדאַנק, אָבער דאָ איז ער איבערגעשלאָגן געוואָרן פון פינפטן:

— זייט מוחל, ציט נישט קיין שלוסן, וועלכע זענען געבויט אויף קוריאָזן, וואָס עקזיסטירן אומעטום, אין יעדער געזעל־שאַפט, אָבער זענען ניט מאַסגעבנד אַלס אַ כלל און נישט איבערצייגנד אַלס מאָ־טיוו. מיר שיינט, אַז מיר לאָזן אַדורך און מיר פאַרזעען דעם פונקט, וואָס מיר זענען אַ ישוב אָן אַ יוגנט. דער ישוב ווערט עלטער און עלטער, מיושבדיקער, לאַנג־זאַמער, אַפּאַטישער — ווי עס איז כאַ־ראַקטעריסטיש ביים אַלט ווערן — און קיין יורש איז ניטאָ! ניטאָ קיין יוגנט אַמביציע צו בויען און שאַפן, ניטאָ קיין ברויזנד געפיל פון דעראָבערן און געווי־נען! קען אַ ישוב אָן אַ יורש האָבן אַ צו־קונפט? קען אַ ישוב אָ אַ יוגנט זיך בויען נאָרמאַל? דערצו זענען מיר אַ ישוב אָן אַ זכרון. דאָס איז אויך אַ סימן פון אַלטקייט. און קען אַ ישוב אָן אַ זכרון זיין אַ נאָרמאַלער ישוב?

קומענדיק קיין קובאַ, האָבן גלייך די קובאַנער אידן פאַרגעסן אין דער דיסציפּ־לין און דעת הקהל פון דער אַלטער היים. געוויסע טיפן אידן האָבן זיך פשוט גאָר מחיה געווען אַראָפּצוא־וואַרפן דעם עול, וואָס איז געלעגן אויף יעדן אידישן קבוץ. זייער קובאַניזאַציע האָט גלייך אויסגעשלאָסן אַלע אידישע אינטע־רעסן.

,,מיר זענען ניט רעליגיעז!"' — איז געווען זייער צינישער ענטפער, גלייך ווי ניט זיין רעליגיעז האָט זיי געקאָסט מי יודע וויפל אָנשטרענגונג. ס'איז אָבער געווען אַ באַקוועמע ,,איבערצייגונג", וואָס האָט זיי באַפרייט פון אַ קהילה, אַ רב, כשרות און סתם אידישע ענינים און דיסציפלין. ס'איז יענע באַ־רימטע איבערצייגונג פון פּראָפעסאָר כוואָלסאָן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך געשמדט צוליב איבערצייגונג... ווייל ער איז געווען טיף איבערצייגט, אַז עס איז בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין מאָסקווער אוניווערזיטעט איידער צו זיין אַ מלמד אין שניפּעשאָק.

האָבן קובאַנער אידן, אין משך פון לאַנגע הפקר־יאָרן, זיך געלאָזט אָנוואַקסן אַ דיקע הויט פון זכרון־לאָזע באַגריפן און זיי האָבן שוין אַכטונג געגעבן, אַז דורך דער פעל זאָל ניט דורכדרינגען קיין איין שטראַל פון ליבע, בענקשאַפט און האַרציקער באַציאונג צו דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אידישע אינטערעסן, אידישע פּרעסע, שול־וועזן, א. אז. וו. וואָס האָט געקאָנט דערפון אַרויסקומען? דאָס וואָס עס קומט אַרויס, ווען מען פאַר־זייט ווינט, אָדער ווען מען כופלט אַ נול, שניידט מען שטורעם און דער רעזולטאַט איז נול.

אונזערע קינדער זענען פולשטענדיק אָפּגעפרעמדט פון אונז. זיי באַציען זיך צו ריין־אידישע זאַכן ווי צו זאַכן, וואָס קומען פון אונטער די הרי חושך און קוקן מיט אַ וואולגאַרן, עם־הארצותדיקן, פון אויבן־אַראָפּ בליק אויפן אידישן לעבן אין קובאַ. איך האָב אַליין געזען אונזער יוגנט — קינדער פון אונזערע בעסטע עסקנים — אויף אַן אָוונט, ווען הערמאַן

יאַבלקאָוו האָט אינסענירט אין אידיש זיין ,,פּאַיאַץ", אויסדריקנדיק דעם צער און ווייטיק פון מיליאָנען

א י ד י ש ע  ש ו ו ע ר ע הערצער,
מאָנענדיק  י ו ש ר  און גערעכטיקייט
פון אַ וועלט פון לויטער רשעות. וואָס,
מיינט איר, איז געווען דער רעזולטאַט?
אָנשטאָט מיטגעפיל און מיטלייד, האָט
יאַבלאָקאָוו׳ס צער־אויסדרוק און זיין מי־
מיק, זיינע ווײ־אויסברוכן און העויות
אַרויסגערופן ביי אונזער יוגנט אַ היל־
כיקן געלעכטער... זיינע אויסברוכן פון
צאָרן און פאַרדאַמונג, עקל און פּראָטעסט
— אויף אַ שפּראַך, וואָס איז פאַר זיי
לחלוטין געווען אומקלאָר — האָט ביי
זיי אַרויסגערופן שפּאָטישע באַמערקונגען:
קע קאַראַ דע וואָוּ! עס האָט זיי נאָר
פאַרדראָסן, וואָס זייערע „וויעכאָס״
שטייען עפּעס צו־ערנסט און מיט אַראָפּ־
געלאָזטע קעפּ.

און זיי דאַרפן עס זיין די צוקונפטיקע
פירער! וואָס האָבן זיי געזען פון אידיש־
קייט? וואָס ווייסן זיי? קאָנען מיר עפּעס
דערוואַרטן פון זיי? האָבן מיר אַ צוקונפט,
אָדער קענען מיר האָבן אַ מאָרגן, ווען
מיר געדענקען אפילו ניט אונזער  נ אָ ־
ע נ ט ן  נ ע כ ט ן ! געדענקען מיר
דעם יאָרצייט פון הרב צבי קאַפּלאַן ז״ל
(ערשטער רב פון קובא)? ר׳ דוד בלים
ז״ל (זיידע פון אונזער ישוב און פרעזי־
דענט פון דער ציוניסטישער פאַרייני־
קונג)? מר׳ לואיס דזשוריק ז״ל (לאַנג־
יאָריקער גענעראַל־סעקרעטאַר און ערש־
טער קאַמפּיינער פון צענטער)? פרוי
סאָניא שניידער ז״ל (לאַנגיאָריקע פרעזי־
דענטין און טוערין פון אידישן פרויען
פאַריין)? חבר מ. הערליכמאַן ז״ל (פון
ערשטן מנין ציוניסטן אין קובא)? מר׳
מאַקס סטאָן ז״ל (לאַנגיאָריקער אַלזייטי־
קער און פאַרדינסטפולער געזעלשאַפטלע־
כער טוער)? און האָט איר אַמאָל
בייגעוואוינט אַ  פ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג,
וואָס האָט סומירט זייערע מעשים.
אָדער האָט איר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ
טאַוול, וואָס זאָל ערגעץ פאַראייביקן
ז י י ע ר  אָ נ ד ע נ ק ? הײַנט, צוליב
וואָס זאָלן מענטשן אָפּגעבן זייער צייט
דער געזעלשאַפטלעכקייט? צוליב וועמען?
פאַר וועמען? און ס׳איז גאָרניט קיין חי־
דוש, אַז ווען איר לייענט אַ באַריכט פון
דעם, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן און איר
ווייסט באַשיינפּערלעך, אַז מען קאָן
שרייבן צען מאָל מערער וועגן דעם, וואָס
איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן און איז ניט
געטאָן געוואָרן, אַז איר זאָלט זיך ניט
דערמאָנען אין אפרים גריידינגער, ווען ער
איז אַריין אין אַ רעסטאָראַן עסן מיטאָג
און דער קעלנער האָט אים דערלאַנגט
פלייש־בראָטן, האָט ער זיך ביטער און
יאָמערלעך צעוויינט.

— צוליב אַזאַ קליין שטיקעלע פלייש
האָט מען געקוילעט אַזאַ גרויסן אָקס?

איר פאַרשטייט? עס איז קלאָר, בולט
און פאַרשמעטערלעך! און דערלויבט מיר
איך ציטירן אַ שטיקל פּרץ — ס׳איז
דאָך פּאָרט אַ פּרץ, אָדער ערב פּרץ־יאָר
אויף דער וועלט. אין זיין „חסידישן מאָ־
נאָלאָג״ זאָגט פּרץ אַזוי:

„אַ מצוה שלא בכוונה איז אַ טוי־
טע מצוה, אַ בר־מנן. די מצוה איז אַ
ליכט, נאָר אַ ליכט לייכט ניט
כל זמן מען צינדט עס ניט אָן... אַ
מענטש קאָן זיין אַ ליכט־ציער, האָבן
אַ פוד ליכט אין שטוב און דאָך אַרומ־
גיין אין דער פינצטער און טאַפּן אין
די ווינקעלעך. הענט האָבן געלייגט
תפילין, ס׳מויל האָט געזאָגט ברכה,
די פיס זענען געגאַנגען אין מקום
קדוש אַריין, די נאָז האָט געשמעקט
בשמים בשעת הבדלה — אָבער די
נשמה איז דערביי ניט געווען... די
כוונה האָט געפעלט! מען האָט ניט
אָנגעצונדן די ליכט!...״

— ס׳איז פינצטער ביי אונז, מיינע
פריינט — האָט ער פאַרענדיקט מיט
פּאַטאָס — וואָס מיר האָבן געטאָן האָבן

מיר געטאָן אָן כוונה. מיר זענען נ י ש ט
אָ נ ג ע צ ו נ ד ע נ ע ל י כ ט !
אָ ט ו ו אָ ס מ י ר ז ע נ ע ן !
— איך בין מסכים מיט אייך אַלע צו־
זאַמען — האָט זיך שטיל און האַרציק
אָפּגערופן דער זעקסטער — באַזונדער
איז קיינער פון אייך ניט גערעכט, אָבער
אַלע צוזאַמען האָבן רעכט. מיר דאַכט
זיך, אַז די סובסידיעס מיט די אָפּשייד־
באַנקעטן, די וואַקזאַל־אַטמאָספערע מיט
די ניט־אָפּגעריסענע קאַלענדאַרן, די אָפּ־
געפּרעמדטע קינדער, מיט די סופּליאַרן
און פּאַקעט - געזעלשאַפטלעכקייט און
זכרון־און־דיסציפּלינלאָזיקייט, האָבן צו־
זאַמען געשטאַלטיקט און
געשאַפן דעם קאָמפּלעקס
פון אַ פירערלאָזער גע־
זעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט אָן
דיסציפּלין, אָן אויטאָריטעט, אָן פירער;
אַ געזעלשאַפט, וואָס אַנערקענט קיינעם
ניט, הערט קיינעם ניט, פאָלגט קיינעם
ניט און געדענקט קיינעם ניט. אַ פי־
רערלאָזע געזעלשאַפט,
ניט־אָנגעצונדענע ליכט — אָט וואָס מיר
זענען!

— איצט? איצט מוזן מיר און דאַרפן
אָנצינדן די ליכט! זאָל זיין ליכטיק אין
ישוב! זאָל זיין ליהודים היתה אורה
ושמחה וששון, איר פאַרשטייט?

— יע, מיר פאַרשטייען — האָבן די
אַנדערע איינשטימיק מסכים געווען, זיך
אויפגעהויבן און פאַרלאָזן די פאַרזאַמ־
לונג.

# די נייע ציל̈ן
# פון דער אידישער דערציאונג

— פון —

ד ר אַ. א י ד אַ  ג ל ע ז ע ר ־ ק אַ ס ט י ע ל



מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק, קורץ נאָך דער ענטשטייאונג פון מדינת ישראל, האָב איך זיך געווענדעט צו דער היגער ציוניסטישער פּאַראייניקונג, דורכן ,,האַוואַנער לעבן'', אָנווייזנדיק די ניי געשאַפענע לאַגע פאַר דער אידישער דערציאונג, און די נויטיקייט אַז זי, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין קובאַ — צוליב דעם ווייל דאָ האָט ניט עקזיסטירט קיין צענטראַלע קערפּערשאַפט — זאָל רעאָרגאַניזירן און קאָאָרדינירן די היגע אידישע דערציאונג, און זאָל האָבן די השגחה, אַז די היגע אידישע קינדער שולן זאָלן ענטשפּרעכן די נייע באַדערפענישן פון דעם אידישן פאָלק, און ווייל די היגע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט נאָך ביז היינט, ווען מיר דערנענטערן זיך צום דריטן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל, אויף דעם געביט פון קינדער דערציאונג גאָרניט געטאָן, ווענד איך זיך מיט דעם זעלבן פּראָבלעם צו דער צענטראַליזירטער קערפּערשאַפט, וואָס איר ענטשטייאונג, גלויב איך, איז שוין אַ נאָענטע רעאַליטעט, און איך האָף, אַז איצט וועט מיין אידייע, וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט מיט צוויי יאָר צוריק, קריגן דעם געהעריקן אָפּקלאַנג. איך גלויב, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען אויך דאָ אין קובאַ וועט דעם קינדער דערציאונגס פּראָבלעם געשיינקט ווערן די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. די ניי געשאַפענע סיטואַציע פון דעם אידישן פאָלק, מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל, לייגט אַרויף נייע פליכטן אויף דער אידישער דערציאונג עס דאַרפן דעריבער געשטעלט ווערן נייע א ו י פ ג אַ ב ן און צ י ל ן, וואָס זאָלן דערגרייכט ווערן אין שול אין משך פון דעם דערציאונגס־פּעריאָד פון דעם קינד און יוגנטלעכן, סיי אין ישראל און סיי אין די לענדער מחוץ פון ישראל.

די דערציאונג איז, אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער, אַ מעכטיקער אינסטרומענט פון אויפהאַלטן געוויסע לעבנס פאָרמען, אָדער צוגרייטן פאַר נייע. עס איז אויך אַ אינסטרומענט פון דערהויבונג און פּראָגרעס, פון אויפהאַלטן די גאַנצקייט פון אַ פאָלק, דורך איינפלאַנצן אין די יונגע דורות פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַלע אייניקייט.

ביים אויפקומען פון מדינת ישראל האָט די רעגירונג, קענענדיק די מעכטיקייט פון דער דערציאונג פון דער יוגנט און קינדער, תיכף געווענדעט איר אויפמערקזאַמקייט אויף דעם דאָזיקן געביט, און גלייך זיך גענומען אויספאָרשן און רעווידירן די שול פּראָגראַמען אין ישראל.

די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרף אָבער ניט איבערגעלאָזט ווערן בלויז פאַר דער ישראל רעגירונג און די ישראל דערציער, נאָר עס איז דער חוב פון אַלע אידישע דערציאונגס אַנשטאַלטן, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, צו קאָאָפּערירן מיט דער ישראל רעגירונג אין דער דאָזיקער אויפגאַבע.

די הויפּט־צילן פון מדינת ישראל זענען איצט:

1 — בויען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד.

2 — קאָנסאָלידירן עס אין איין נאַציאָנאַלער איינהייט.

3 — אויפהאַלטן די איינהייטלעכקייט און גאַנצקייט פון דעם אידישן פאָלק בכלל: פאַרהיטן, אַז עס זאָל ניט קומען, מיט דער צייט, צו אַ גייסטיקער אָפּגעזונדערטקייט צווישן די אידן פון ישראל און די אידן פון גאָר דער וועלט.

אונזערע צילן דאַרפן זיין:

1 — העלפן דער ישראל רעגירונג אין די אויבן־אָנגעוויזענע אויפגאַבן.

2 — פאָרמירן און צוגרייטן אונזערע קינדער און יוגנטלעכע פאַר צוקונפטיקע בירגער פון דער אידישער מדינה.

כדי די דאָזיקע צילן צו דערגרייכן איז נויטיק, קודם כל, אַז אַלע אידישע שולן זאָלן רעפאָרמירן זייערע לערן פּראָגראַמען; בייטן דעם אינהאַלט פון די לערן־ביכער, ווי אויך צופּאַסן געהעריקע געהילפס מיטלען.

מדינת ישראל איז איצטער דער צענטער פון דעם אידנטום (כ'מיין דאָ ניט אין סכום); ישראל איז די זון אַרום וועלכער עס קאָנצענטרירן זיך די אידישע נאַציאָנאַלע געפילן און שטאָלץ; עס איז די זון, וואָס גיט ליכט און וואַרימקייט דער נשמה פון דעם אידישן פאָלק.

י ש ר א ל דאַרף דעריבער זיין „דער צענטער פון אינטערעס" — ווי עס הייסט אויפן פּעדאַגאָגישן לשון — אַלע שול אַקטיוויטעטן דאַרפן זיך קאָנצענטרירן אַרום דעם געדאַנק וועגן ישראל.

איך וויל דערקלערן, אַז צוגלייך מיט דער נייער ריכטונג, וואָס עס דאַרף אָננעמען די אידישע דערציאונג, דאַרף מען פונדעסטוועגן אויך ניט פאַרנאַכלעסיקן די יעניקע צילן, וואָס דאַרפן מאַכן די אידישע קינדער פאַר „בירגער פאַר דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט" פון די לענדער אין וועלכע זיי לעבן — ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט פּראָפעסאָר האָכשטיין אין „האַוואַנער לעבן" — מיר דאַרפן שטרעבן צו פאַרבינדן דאָס לעבן פון אונזער יוגנט מיט דער אידישער אומגעבונג אין וועלכער זי געפינט זיך, און גלייכצייטיק איר דערנענטערן צו ישראל, גייסטיק זי פאַרבינדן מיטן לעבן פון די אידן פון ישראל.

מיר דאַרפן לערנען די קינדער און יוגנטלעכע ניט בלויז ליב האָבן מדינת ישראל, אַזוי, אַבסטראַקט; מיר דאַרפן פאַר זיי שאַפן אַ סביבה, אַן אַטמאָספער, וואָס זאָל זיי דערנענטערן צו ישראל; זיי דאַרפן זיך אָרגאַניש אַריינפּאַסן אין דער

ספּעציעל געשאַפענער סביבה דורך דער הילף פון זייער פאַרשטעלונגס קראַפט. אָבער, קומט די פּראָבלעם, ווי אַזוי זאָל מען שאַפן די דאָזיקע סביבה, די סיטואַציעס, וואָס זאָלן זיין בכוח צו שאַפן און די גייסטיקע דערנענטערונג צווישן דעם לעבן פון ישראל און דעם לעבן פון די אידישע קינדער מחוץ פון ישראל.

איך וועל דאָ ברענגען אייניקע אָנווייזונגען:

ווען מיר גייען צונויפשטעלן די לערן־פּראָגראַמען (דעם קוריקולום), דאַרפן מיר אין זינען האָבן דאָס פאָלגנדע:

א — עס דאַרפן זאָרגפעליק אָנגעצייכנט ווערן די אַלגעמיינע צילן, דאָס הייסט, די דערציערישע ענד צילן פון אונזער אידעאַל.

ב — באַזירט אויף די אַלגעמיינע צילן — דאַרפן אָנגעצייכנט ווערן די ספּעציפישע אויפגאַבן פאַר יעדן דערציאונגס־פּעריאָד און גראַד.

ג — עס דאַרף אויסגעקליבן און צונויפגעזאַמלט אָדער געשאַפן ווערן דער נויטיקער מאַטעריאַל, וואָס זאָל ענטשפּרעכן די אָנגעוויזענע אויפגאַבן; וואָס זאָל בכוח זיין צו ברענגען די ענד־צילן.

אויסער דעם, וויל איך קאָנקרעט אָנווייזן אייניקע מיטלען:

1 — אינטענסיפיצירן דאָס לערנען פון העברייאיש.

2 — לערנען אידישע געשיכטע אין פאַרבינדונג מיטן היינט.

3 — לערנען וועגן דעם לעבן פון ישראל דורך טעקסט ביכער, מעשות, עפּיזאָדן און א. וו.

4 — שמועסן.

5 — דעקלאַמאַציעס.

6 — געזאַנג.

7 — מוזיקאַלישע אוידיציעס.

8 — שפּילערייען און טענץ.

9 — קינאָמאַטאָגראַפישע פאַרשטעלונגען.

10 — סאָציאַלע אַקטיוויטעטן און ליטעראַטור: קלוב, ביבליאָטעק, אויספלוגן.

11 — מוזיי פון ישראל שאַפונגען.

12 — ד ר א מ א ט י ז א צ י ע ס — הויפּטזעכלעך — (פאַר קינדער דראַמאַטיזאַציעס; פאַר יוגנטלעכע טעאַטער־פאַרשטעלונגען).

איך וויל דערקלערן, פאַרוואָס איך האָב אונטערגעשטראָכן דראַמאַטיזאַציעס (אָדער אינסצעניזאַציעס). ווייל די דראַמאַטיזירונג איז איינער פון די ווירקזאַמסטע מיטלען אין דערציאונג. דורך דער דראַמאַטיזירונג ווערט מעגלעך דעם לערער צו שאַפן אין שול אַזעלכע סיטואַציעס, וועלכע דער לערער וויל. דורך דעם דאָזיקן מיטל ווערט דאָס קינד דורכגעדרונגען און באַאיינפלוסט פון דער אַטמאָספער, וואָס דער לערער האָט פאַר אים צוגעגרייט. אויף אַזאַ אופן ווערט די שול־ארבעט באַלעבט, דעם קינדס פאַרשטעלונגס קראַפט ווערט אַקטיוו, דאָס קינד ווערט אַליין א טייל פון דער דאָזיקער סיטואַציע, עס לעבט זיך אַריין אין דער דאָזיקער סביבה.

עס איז ניט אַזוי לייכט איינפירן די רעפאָרם אין דער דערציאונג. עס פאָדערט זיך די מאָביליזירונג פון אַלע דערציערישע קרעפטן. עס איז נויטיק צוגרייטן צוגעפּאַסטע לערער, וואָס זאָלן זיין פייאיק צו דורכפירן זייער מיסיע.

עס איז די פליכט פון די רעפּרעזענטאַטיווע אידישע געזעלשאַפטן אין אַלע לענדער — און עס איז אויך די פליכט פון דער ישראל רעגירונג — אונז העלפן, צו אונטערנעמען און קאָאָרדינירן די דאָזיקע גרויסע און נאָבעלע ארבעט פאַר דער

פאַרווירקלעכונג פון אונזער דערציערישן אידעאַל, פאַרן וואוילזיין פון ישראל און דעם אידישן פאָלק.

דאָ אין קובאַ, פאַלט דער חוב אויף דער צענטראַליזירטער קערפערשאַפט, וואָס שאַפט זיך איצט, צו אונטערנעמען די דאָזיקע הייליקע זאַך. ביי די איצטיקע אומשטענדן דאַרף די צענטראַליזירטע קערפערשאַפט האָבן די השגחה איבער דער היגער אידישער דערציאונג. עס דאַרף זיין איינע פון די וויכטיקסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע טעטיקייטן.

# דערציאונגספּראָבלעמען אין חוץ־לארץ

— פון —

יעקב לעשטשינסקי

איינע פון די פאַטאַלסטע נעגאַטיווע דערשיינונגען פון לעצטן יאָרהונדערט אין לעבן פון אידישן פאָלק, איז בלתי ספק די צעשפּרייטונג און צעוואָרפונג פו אידן איבער דער גאָרער וועלט, איבער צענדליקער לענדער און צווישן צענדליקער שפּראַך און קולטור ספערעס.

נאָך אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט האָבן אַריבער 80 פּראָצענט פונם אשכנזי־שן אידנטום, פון דאָזיקן אַקטיווסטן און שעפערישסטן צווייג פון אידישן פאָלק, געלעבט אין מזרח אייראָפּע אין געדיכטע מאַסן און כמעט אינגאַנצן אין צוויי אימפעריעס — רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן. די אידן פון דער דאָזיקער דורכאויסיקער טעריטאָריע זענען געווען צווישן זיך געקניפּט און געבונדן עקאָנאָמיש, אָבער נאָך מער שפּראַכלעך און רעליגיעז, קולטורעל און אָפּט אויך משפּחהדיק. די דיפערענציאַציע אויף חסידים און מתנגדים און שפּעטער אויף אָרטאָדאָקסן און משכילים, אַלס אַן אינערלעכע, האָט נאָר באַרייכערט און באַפרוכטפערט גייסטיק דאָס אידישן לעבן. דער כמות־צענטער איז צוזאַמענגעפאַלן מיטן איכות־צענטער, ווייל דאָס מזרח־אייראָפּייאישע אידנטום איז געווען און געוואָרן נאָך מער אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט, ניט נאָר דער רעליגיעזער פירער פונם וועלט־אידנטום, נאָר אויך דער קולטור־גייסטיקער שאַפער פון ווערטן פאַר די אידן פון דער גאָרער וועלט. די שפּעטערדיקע גייסטיקע דיפערענציאַציע אויף ריכטונגען און שטרעמונגען, אויף וויפל זיי זענען געווען אינערלעכע און ניט אויסערלעכע, ניט פון אַסימילאַטאָרישן כאַראַקטער, איז ווידער געווען אַ נאַטירלעכע און אָרגאַנישע דערשיינונג פון דער אינטענסיווער פּאָליטישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די אידישע מאַסן.

מיט דער גרויסער וואַנדערונג פון אידישע מאַסן, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט און האָט זיך באַזונדערס שטאַרק צעוואָקסן און צעגאָסן סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט, האָט זיך אָנגעהויבן די געאָגראַפישע צעשפּרייטונג און צעוואָרפונג פון גרויסע טיילן פון אידישן פאָלק — אַ צעשפּרייטונג, וועלכע האָט גענומען דראָען אויך מיט אַ צעפרעמדונג צוליב דעם העכערן אַסימיליר־פּאָטענציעל אין די איינוואַנדערונגס לענדער, באַזונדערס אין די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע איינוואַנדערונגס־לענדער.

אין די גרעניצן פון אייראָפּע גופא איז אויך פאָרגעקומען אַ ברייטערע צעשפּרייטונג פון אידישן מאַסן און אין דער ריכטונג פון לענדער מיט אַ העכערן אַסימיליר־פּאָטענציאַל, ווי קיין ענגלאַנד און פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד און אין די גאָר נאָענטע דייטשלאַנד און ני־

דער־עסטרייך. דערצו איז דער אַסימיליר־
פּאָטענציאַל פון פיל פעלקער, צווישן
וועלכע אידן האָבן געלעבט הונדערטער
יאָרן, איזאָלירט און פאַר זיך, גענומען
שטאַרק שטייגן, ווי למשל, די אונגאַרישע
שפּראַך, די רומענישע, די טשעכישע און
טיילווייז אויך די אוקראַינישע, די ליט־
ווישע, די לעטישע און אַנדערע. דער
פּראָצעס פון צערייסן און צעפרעמדן די
קיבוץ־גלידער פון דעם מזרח־אייראָפּעי־
אישן אידנטום, פון דעם דאָזיקן נאַציאָ־
נאַלן מאַסיוו, וואָס איז געווען יאָרהונ־
דערטער דער טרעגער פון אידישער
גאַנצקייט און שעפערישקייט, האָט אָנגע־
נומען דראָענדיקע פאָרמען און מאַס־
שטאַבן.

אמת, פּאַראַלעל מיט דער דאָזיקער
געאָגראַפישער צעוואָרפונג פון די אידישע
מאַסן; און שפּראַכלעכער און קולטורעלער
צעפרעמדונג פון די טיילן פון אידישן
פאָלק איז פאָרגעקומען אַ גרויסע קאָנ־
צענטראַציע — אָבער דאָס מאָל אַ צע־
שפּאָלטענע, אַ טאָפּלטע: אַ כמותדיקע אין
די פאַראייניקטע שטאַטן און, ליידער, מיט
אַ הויכן אַסימיליר־פּאָטענציאַל, און אַן
איכותדיקע אין ארץ ישראל. מיר לעבן
אין אַן עפּאָכע, ווען דער איכות־צענטער
שטייגט און וואַקסט און זאָגט צו צו ווערן
אויך אַ באַדייטנדיקער כמות־צענטער.
פון אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט ביז 1914
האָט אַמעריקע צוגענומען 90 פּראָצענט
פון אַלע אידישע וואַנדערער. אין די
לעצטע 25 יאָר איז אַלץ מער און מער
געוואַקסן די אויפנאַם־פּראָפּאָרציע פון
ארץ ישראל אויפן חשבון פונם אַמערי־
קאַנער צענטער, און פון דער גרינדונג פון
מדינת ישראל אָן, נעמט די לעצטע צו
אַרום 80 פּראָצענט פון אַלע אידישע
וואַנדערער אין דער גאָרער וועלט. ווי אינ־
טענסיוו אָבער דער דאָזיקער קליטה־
פּראָצעס פון ישראל זאָל ניט זיין, וועלן
בלייבן פאַר לאַנגע תקופות גרויסע מאַסן
אידן צעזייט און צעשפּרייט איבער דער
גאָרער וועלט. און די העכער כאַראַקטע־
ריזירטע פּראָצעסן פון צעפרעמדונג און
צעשפּאַלטונג דראָען ווייטער דער גרויסער
מערהייט פון אידישן פאָלק.

איינע פון די וויכטיקסטע און ברע־
נענדיקסטע אויפגאַבן פון אונזער עפּאָכע
איז דעריבער צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד
אַט די נעגאַטיווע פּראָצעסן, זיי באַ־
קעמפן און דערפירן זייער נעגאַטיווע
השפּעה צום מעגלעכן מינימום. צום טייל
האָט אויף זיך גענומען די דאָזיקע הויכע
נאַציאָנאַלע מיסיע מדינת ישראל. שוין
מיט איר עקזיסטענץ גופא פאַראייניקט זי
די צעשפּאָלטענע גלידער פון אידישן פאָלק,
וואַרפט זי בריקן איבער ימים און קאָנ־
טינענטן און מאַכט שלאָגן אידישע הער־
צער און מאַכט אויפציטערן אידישע נש־
מות ביי אַלגעמיינע סכנות און נאָך מער
ביי געמיינזאַמע שמחות. שוין איצט
פילט מען אין אַלע תפוצות פון גלות די
נאַציאָנאַל באַלעבנדיקע און נאַציאָנאַל
באַפרוכפּערנדיקע השפּעה פון ישראל.

דער צעפּאַל־פּראָצעס איז, טיילווייז
פאַרהאַלטן געוואָרן. דער אָנטייל פון דער
אידישער יוגנט פון פיל גלות־לענדער אין
דער העפּלה, אין דער „אומלעגאַלער"
איינוואַנדערונג און שפּעטער אין דער
מלחמה מיט די אַראַבער; דער זיג איבער
די פיינטלעכע אַראַבישע חיילות; דער
אַריינטריט פון מדינת ישראל אין די
פאַראייניקטע נאַציעס; די קאָלאָסאַלע קלי־
טה פון הונדערטער טויזנטער אידן, וועל־
כע וואָלטן אַזוי געווען פאַראורטיילט
אויף פיזישער און מאָראַלישער דעגענע־
ראַציע, אָדער אויף פיזישער פאַרניכטונג
— אַט די אַלע דערשיינונגען האָבן גע־
שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּרט פון דער־
נענטערן און צוזאַמענהעפטן די צעריסענע
און אויך שוין שטאַרק צעפרעמדטע גלי־
דער פון אידיש פאָלק. אָבער דאָס זענען
אַלץ ווייטע און איבערגייענדיקע פאַק־

טאָרן, וועלכע קאָנען מיט איינמאָל ארויס־
רופן אַ גרויסע אויפלעבונג און אַ טיפע
באַגייסטערונג, אָבער זיי זענען ניט גענוג
אויף דורכצופירן די פונקציע פון טיפע־
רער צוזאַמענהעפטונג און טיפערער און
ווערטפולער נאַציאָנאַל־גייסטיקער פאַר־
איינהייטלעכונג פון די קיבוצים פון אי־
דישן פאָלק, וועלכע זענען צעוואָרפן אי־
בער 5 קאָנטינענטן און צענדליקער לענ־
דער.

די אויפגאַבע באַשטייט לכן אין שאַפן
אַ פּערמאַנענטע און סטאַבילע נעץ פון
חינוך־אינסטיטוציעס אָדער פון פאָרמען
פון חינוך אין די שוין עקזיסטירנדיקע
חינוך־אינסטיטוציעס, וועלכע זאָל דער־
ציען דעם אויפוואַקסנדיקן דור אין אַלע
צענדליקער לענדער פון אידישער צע־
שפּרייטונג אין די נאַציאָנאַלע גרונט־
שטריכן אין איין גייסט און מיט איין
פאָלקס־אידעאַל. ווי צו אַ פאָקוס, ווי צו
אַ נאַטירלעכן פאָלקס־צענטער, גראַוויטירן
שוין איצט קליינע טיילן פון די אידישע
קיבוצים אין דער גאָרער וועלט צו ישראל,
צו זיין שפּראַך און צו זיין קולטור. מאַכן
דעם דאָזיקן פּראָצעס טיפער און אינטענ־
סיווער, גרינדלעכער און אַלגעמיינער איז
איינע פון די אויפגאַבעס פון געגעבענעם
מאָמענט.

קאָנען מיר דאָ ניט, און ס'איז נאָך
צו פרי שוין צוזאַמענשטעלן אַ דעטאַ־
לירטן איינהייטלעכן חינוך־פּראָגראַם,
וואָס זאָל שאַפן אַן איינקלאַנג מיטן חינוך־
סיסטעם פון ישראל, אַזוי, אַז דער אויפ־
וואַקסנדיקער דור אין אַלע תפוצות ישראל
זאָל זיך געפינען אין אַ נשמה־באַהעפטונג
מיט די קינדער פון דער זעלבסטשטענ־
דיקער אידישער מדינה. מיר ווילן דאָ נאָר
אָנווייזן אויף אַ פּאָר מאָמענטן, וועלכע
קאָנען פיל מיטווירקן צו דער פאַרטיפונג
און פאַרברייטערונג פון דעם פּראָצעס פון
גראַוויטירן צו ישראל.

די העברייאישע שפּראַך איז געוויס
איינע פון די וויכטיקסטע און ווירקנ־
דיקסטע פאַקטאָרן אין פּרט פון איבער־
וואָרפן גייסטיקע בריקן צווישן ישראל און
די תפוצות און ממילא צווישן די תפוצות
גופא. ס'גייט אָבער ניט נאָר אין כמות,
נאָר אויך אין איכות — קליינע גרופּעס
העברייאיש־קענער, וואָס זאָלן אין זיך
איינזאַפּן די קאָלאָסאַלע ווערטן פון דער
העברייאישער קולטור אין איר גאַנצן
גרויסן היסטאָרישן פאַרנעם און באַזונ־
דערס אין איר לעצטן יונגן און פרישן,
מיט ערד־ריח דורכגעזאַפּטן צווייג, קאָנען
ווערן איינער פון די וויכטיקסטע פאַק־
טאָרן אין זין פון וועבן בינד־פאָדים
צווישן ישראל און די גלות־תפוצות.

מיר האָבן דערמאָנט נאָר שפּראַך,
ווייל מיר ווילן זיך באַזונדערס אָפּשטעלן
אויף דער העברייאישער ליטעראַטור —
די נייע יונגע ישראל־ליטעראַטור איז נאָך
אָרים אין פאַרגלייך ניט נאָר מיט ליטע־
ראַטורן פון גרויסע פעלקער, נאָר אפילו
מיט אונזער אייגענער ליטעראַטור אין
אידיש, שוין אָפּגערעדט אין פאַרגלייך
מיט אונזער אייגענער רייכער עלטערער
העברייאישער ליטעראַטור; אָבער זי פאַר־
מאָגט עפּעס אַזוינס אין זיך, וואָס אפילו
אין אַן איבערגעזעצטער פאָרם, אין אידיש
אָדער אין פרעמדע שפּראַכן, קאָן זי שפּילן
אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין פּרט פון דער־
ציאונג פון יונגן דור אין יענער נאַציאָ־
נאַלער פאַראיינהייטלעכער ריכטונג, וועגן
וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט. זי
אַנטהאַלט צוויי נייע מאָמענטן, וועלכע
קאָנען זייער אימפּאָנירן די יונגע נשמות
פון אידישע קינדער אין גלות; ראשית,
גבורה, תרתי משמע: ראשית, אין די־
רעקטן זין פון וואָרט, אין קאַמף קעגן
אַראַבער. און שנית, גבורה — אידעאַ־
ליזם, ווען מען איז מקריב אייגענע אינ־
טערעסן יאָרן לאַנג און מען נעמט זיך
פאַר אַ הויכן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן

אידעאַל און מען ווידמעט אים די בעסטע פיזישע און גייסטיקע כוחות און מען דערגרייכט רעזולטאַטן. גבורה איבער זיך, איבער דעם עגאָאיסטישן עולם־הזה יצר הרע, ווען מען שטעלט פאָלקס־אינטערעסן העכער און הייליקער פון פערזענלעכע צילן. די ביאָגראַפיעס פון די שאַפער פון די דגניהס און עין־חרוד׳ס און די קונסט־ווערק, וואָס גיבן בילדער פון די דאָזיקע וואונדער־שאַפונגען און פון זייערע נאָך מער וואונדערבאַרע שאַפערס, איז איינער פון די וויכטיקסטע דערציאונגס־מיטלען פאַרן יונגן דור, באַזונדערס אין די גלות־תפוצות.

דער צווייטער מאָמענט באַשטייט אין דעם, וואָס ס׳זענען שוין פאַראַן ווערק, ווייניקע, אָבער זיי זענען פאַראַן, וואָס טראָגן אויף זיך דעם שטעמפּל פון איי־גענער ערד, פון אייגענעם באָדן, פון איי־גענעם וואונדערבאַרן ישראל־הימל; וואָס טראָגן אין זיך די זאַפט פון ערד און באָדן, די תפארת פון דער ישראל־נאַטור און דעם זין פון הרי ציון או עמק הירדן, אַלץ נשמה־השפעות, וואָס שפאַרן זיך אָן אין די התחלות פון אידישן געשיכטלעכן קיום און וועבן דעם צוויבער־המשך פון אידישן גורל.

קאָן מען דאָס ניט געבן אין אָריגינאַל אין העברייאיש, מוז מען דאָס געבן אין תרגום, און דער אינהאַלט וועט ווירקן און משפיע זיין און וועט פאַרבינדן מיט איינעם און דעם זעלביקן לאַנד און קיום־בענקשאַפט דאָס אידישע קינד פון ניו־יאָרק און פון בוענאָס־איירעס, פון מאָנט־רעאַל, מעקסיקע און קובאַ און אזוי ווײַ־טער.

# אַלבום

## פון די
## מיטגלידער=גרינדער
## פון פאַטראָנאַט
## פאר א בנין
## פאר א בית=הכנסת און א היים
## פאר דעם אידישן ישוב
## אין קובא.

### א י נ ל י י ט ו נ ג ס ־ ו ו אָ ר ט

די רעדאַקציע פון דער דאָזיקער ספּע־
ציעלער אויסגאַבע האָט געהאַלטן פאַר
מער ווי גערעכט צו פאַראייביקן אין
פאָרם פון אַלבום, אַלע נעמען פון די
אידישע תושבים פון קובאַ, וואָס האָבן
זיך די ערשטע אָפּגערופן צום אנטיילנע־
מען אין דעם גרויסן פּלאַן פון פאַטראָנאַט.
זאָל דער אַלבום דינען אַלס אויסצייכנונג
און באַווייז פאַר די קומענדע דורות פאַר
די אַלע, וואָס האָבן אויפריכטיק און
ספּאָנטאַן דערלאַנגט אַ האַנט צו דער־
מעגלעכן דעם אויפבוי פון אידישן גע־
געזעלשאַפטלעכן לעבן.

# הערמאַן הייזלער

## פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט

געבוירן אין קורסאַן (ליטע); דעם 23־טן דעצעמבער 1923 איז ער אָנגעקומען קיין קובאַ, זייענדיק אַזוי אַרום איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן פון מזרח אייראָפּע. הה' הייזלער האָט די ערשטע יאָרן געוואוינט אין באַיאַמאָ, און אין יאָר 1934 קומט ער קיין האַוואַנאַ, וואו ער הויבט אָן חלומען וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן. אָן אַמביציעס צו ווערן אַ פירער און וואָרט־זאָגער, ווערט ער אָבער צוליב זיינע איינגעבוירענע פייאיקייטן דורך זיינע פריינט אַרויסגעשטופּט צו לייטנדע פּאָסטנס אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין אָנפאַנג ווערט ער אין די יאָרן 1936־1937 דערוויילט אַלס פּרעזידענט פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער; נעקסטע צוויי יאָר, 1938־39 ווערט ער אַלס דירעקטאָר פון אידישן צענטער נאָמינירט צום אַמט פון קאַסירער. אין אָנפאַנג וועלט־קריג, באַקליידט ער דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט און שפּעטער אויך פון פּרעזידענט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון אַלע אידישע אינסטיטוציעס אין קובאַ. צום זעניט פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער דערגרייכט מיט זיין איניציאַטיוו אין שאַפן און אויך שפּעטער פאַראַנטוואָרט־לעך באַקליידן דעם אַמט פון פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט פאַר אַ אידישע געביידע. דעם אַמט ערפילט ער ביז היינט מיט אַ ביישפּיללאָזער איבערגעגעבנהייט, אָפּגעבנדיק צייט און מי און פּראַצע און אויך דמים פאַר דער גרויסער אויפגאַבע. עס איז צו פאַרדאַנקען זיין אויסנאַמסווייזן כאַראַקטער, אַז עס איז ענטדלעך געלונגען אַזוי אַרום צו ברענגען צו איין טיש פאַר צוזאַמענאַרבעט אידן פון די פאַרשידענע פּאָליטישע שאַטירונגען, כדי געמיינזאַם צו זאָרגן פאַר דעם מאָרגן פון אידישן ישוב אין קובאַ.



# בן ציון דיזיק

געבוירן אין בוקי, רוסלאַנד; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 11־טן יאַנואַר 1922. ה׳ בען דיזיק איז אַזוי אַרום ניט נאָר פון די ערשטע אידישע אימיגראַנטן אין קובאַ, נאָר אויך פון די ערשטע בויער. אויף דעם געביט איז ער אַן אמתער פּיאָ־נער. זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין דעם ישוב פון קובאַ איז געווען אַזוי פיל און פאַרצווייגט, אַז בלויז אויסצורעכענען אַ טייל פון זי וועט זיין גענוג אים אָוועק־צושטעלן אין די רייען פון די וויכטיקסטע בויער פונם ישוב. אַזוי זעען מיר אים אין יאָר 1928 אַקטיוו אין דעם אַנטי־טובער־קולאָז קאָמיטעט (קאַסירער); אין 1931 איז ער שוין דער פּרעזידענט פון אידישן צענטער; אין די יאָרן 1949־1950 איז ער דער פּרעזידענט פון „אפדות ישראל"; אין דער זעלבער צייט איז ער אַ דירעק־טאָר פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער, און, צום שלוס, ווען די שורות ווערן גע־שריבן איז ער וויצע־פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט און איינער פון זיינע גרינדער.



# מאַקס שוואַרץ

געבוירן אין זאמבראָוו, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 7־טן אַפּריל 1924. ה׳ מאַקס שוואַרץ איז איינער פון די דער־פאָלגרייכסטע אידישע סוחרים אין קובאַ, זייענדיק דער אייגנטימער פון אַ גרויס מעבל־געשעפט, „לאַ אוניקאַ“. דאָס, קאָן מען זאָגן, האָט ער געבויט מיט די הייליגע הענט. בלויז זיין ענערגיע און פייאיקייט האָט אים אין דעם אַרויסגעהאָלפן. ה׳ שוואַרץ האָט דעם כבוד צו זיין איינער פון די סאַמע ערשטע בויער פון פּאַט־ראָנאַט און דער 3־טער וויצע־פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע. ער איז אויך פון אירע גרעסטעביישטייערער. ה׳ שוואַרץ איז נאָך אַ יונגער מענטש, אין די מיטעלע פערציקער. דער אידישער ישוב אין קובאַ האָט אין אים אַ גוט ביישפּיל, וואָס מען קאָן אויפטאָן מיט שטאַרקן ווילן און איינגעבוירענער פייאיקייט.



## כאַסע ראַבינאָוויטש

געבוירן אין לעבאוויטש, רוסלאַנד; גע־קומען קיין קובאַ אין דעצעמבער 1923. ה' ראַבינאָוויטש איז ביים היינטיקן טאָג, איינער פון די דערפאָלגרייכסטע סוחרים אין אידישן ישוב. פונדעסטוועגן געפינט ער צייט צו טאָן אַרבעט לטובת הכלל. ער האָט שוין פאַרנומען אַ ריי הויכע אַמטן אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטו־ציעס, צווישן זיי דעם אַמט פון פּרעזי־דענט פון קרן היסוד קאַמפּיין; וויצע־פּרעזידענט פון „אידישן צענטער"; קאַ־סירער פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער; ערן־פּרעזידענט פון „בית החיים", און צום סוף — 2־טער וויצע־פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט.



# איסאַק גורוויטש

געבוירן אין דאָמבראַווא (פּוילן); אָנגע־קומען קיין קובאַ אין סעפּטעמבער 1924; פאַר דעם אין פּוילן געווען פּרעזידענט פון העברייאיישן יוגנט־קלוב „קדימה", און אויך סעקרעטאַר פון קרן קימת לישׂ־ראל; אין קובאַ אין 1936 מיטגרינדער פון אידישן סוחרים פאַריין און דאַן ערש־טער קאַסירער; אין 1948 דירעקטאָר פון פאַרייניקטן ישׂראל קאַמפּיין; איינער פון דרי ערשטע מיטגרינדער פון דעם פּאַטראָ־נאַט, וואו ער באַקליידט די גאַנצע צייט דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר; אוי־סער דעם אויך מיטגליד פון דעם בוי־קאָמיטעט, פאַרנעמענדיק אַזוי אַרום די פאַראַנטוואָרטליכסטע און שווערסטע פּאָסטנס אין דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט.



# ענריקע בייקאָוויטש

געבוירן אין קאָונע, ליטע; אָנגעקומען קיין קובא דעם 3־טן יולי 1926; ה' ענריקע בייקאָוויטש האָט פאַרשטאַנען מיט זיין איינגעבוירענער דינאַמישער קראַפט זיך פאַרהעלטניסמעסיק שנעל אַרויפצואַרבעטן, און איז היינט צו טאָג איינער פון די אָנגעזעענסטע אידישע אינדוסטריאַליסטן פון ישוב. ער איז דער פּרעזידענט פון דער באַקאַנטער פירמע „קאָנפעקסיאָנעס און טעבידאָס פּעררא". אין געזעלשאַפטלעכן לעבן נעמט ה' ענריקע בייקאָוויטש אַ גאָר חשובן אָנטייל: פון 1947 ביז 1949 איז ער פּרעזידענט פון אידישן צענטער; אין 1948 איז ער פּרעזידענט פון „פאַראייניקטן ישראל קאַמפּיין"; היינט צו טאָג אי ה' ענריקע בייקאָוויטש אַן אָנגעזעענער מיטגלידער פון דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט.



## הערמאַן בערעזינסקי

געבוירן אין ביאַליסטאָק, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 26־טן סעפּטעמבער 1926. ה׳ בערעזינסקי קאָן פאַררעכנט ווערן פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע בויער פון אי־דישן לעבן אין קובאַ אין עקאָנאָמישן זין. אָנהויבנדיק, ווי דער שטייגער איז געווען, פון גאַרנישט, איז ער היינט צו טאָג איינער פון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין ישוב, זייענדיק דער אייגנטימער פון צוויי גרויסע געשעפטן פון קליידער פאַר פרויען און פּרעזענטן־אַרטיקלען פאַר דער היים. אויסער דעם איז ער איינער פון די גרעסטע ביישטייערער פאַר אידישע צוועקן. ער איז פון די סאַמע ערשטע גרינדער פון פּאַטראָנאַט און מיטגליד פון דער דירעקטיווע.



# כוליאָ קאַריטי

געבוירן אין נאָוואָגראָד, וואָלינסק, רוס־לאַנד; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 4־טן אַפּריל 1923; ה׳ כוליאָ קאַריטי איז איצ־טער איינער פון די זיילן פונם פּאַטראָ־נאַט; ער פאַרנעמט דעם אַמט פון קאַסי־רער. ער האָט אויך דעם כבוד צו זיין דער ע ר ש ט ע ר מיטגלידער פון אָט־דער אינסטיטוציע, וואָס שפּאַנט מיט פעסטע טריט פאָראויס צו ווערן די אַלץ אַרומ־נעמענדיקע צענטראַלע קערפערשאַפט פון קובאַ; אויסערן פּאַטראָנאַט, איז ה׳ כוליאָ קאַריטי געווען פּרעזידענט פונם ערשטן בוי־קאָמיטעט פון דער שול „בית־יעקב“ (1944-5); דירעקטאָר און קאַסירער פון „אידישן צענטער“ (1948 און 1951); ה׳ כוליאָ קאַריטי איז אַ מילדער, ליבער־מענטש פערזענלעך, און אַלע, וועלכע עס קומט אוים מיט אים צו אַרבעטן, שטרייכן דאָס אונטער ביי יעדער געלעגנהייט.



# כוליאַ ליפּשיץ

געבוירן אין אוטיאַן, ליטע; געקומען קיין קובאַ אין חודש סעפּטעמבער 1923. ה׳ ליפּשיץ, וועלכער האָט אַ צייט געוואוינט אויף דער פּראָווינץ, ווייט פון אַ אידישן צענטער, האָט פונדעסטוועגן באַוויזן אָנצוהאַלטן אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט דער אידישער וועלט דורך דער פּרעסע און ליטעראַטור. אויך זיינע קינדערס דערציאונג אויף דעם געביט האָט ער ניט פאַרנאַכלעסיקט און ער שניידט טאַקע איצטער די פּרוכט פון דעם. זיינע קינדער זענען אידיש באַוואוסטזיניק אויסער זייער וועלטלעכער בילדונג. ה׳ כוליאַ ליפּשיץ איז אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט. אין יאָר 1937 האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון קאַסירער פון דעם „אָרט״ קאָמיטעט.



## פאַביאַן ווייס

געבוירן אין פעלסע פילד, אונגאַרן; גע־
קומען קיין קובאַ דעם 7־טן יוני 1924.
ה' פאַביאַן ווייס איז איצטער איינער פון
די אַנגעזעענסטע אידן אין ישוב און איי־
נער פון די ערשטראַנגיקע אינדוסטריעלער
בויער. געזעלשאַפטלעך מאַכט ער זיך
ניצלעך מיט זיין שטילער און ברייטהאַר־
ציקער שטיצע די אינסטיטוציעס, וואָס
זענען אים ליב. די שטיצע דריקט זיך
אויס סיי אין געלט, סיי אין אַרבעט.
ה' פאַביאַן ווייס איז איינער פון די ערש־
טע צוועלף פערזאָנען, וועלכע האָבן גע־
גרינדעט דעם פּאַטראָנאַט, און ער איז
איינער פון זיינע דירעקטאָרן. אַלס מענטש
איז ער געשעצט פאַר זיין עכטן באַשיי־
דענעם כאַראַקטער און שיינער באַציאונג,
וואָס ער האָט צו אַנדערע.



# מאַקס פּינקוס

געבוירן אין פּרוזשאַנע, פּוילן, נאָכדעם
אויסגעוואַנדערט קיין פּאַלטאַווע, אוק־
ראַינע. ער האָט געוואוינט אין פּאַלטאַווא
פון 1917 ביז 1924. קיין קובאַ איז ה׳
פּינקוס אָנגעקומען דעם 10־טן אָקטאָבער
1924, און ווי כמעט אַלע אידישע אימי־
גראַנטן האָט ער געמוזט דורכמאַכן דעם
אומפאַרמיידלעכן וועג פון קאַמף צו דער־
גרייכן אַן עקאָנאָמישע פּאָזיציע. ביים
היינטיקן טאָג איז ה׳ פּינקוס פון די וויכ־
טיקסטע אינדוסטריאַליסטן אין ישוב. אַ
לאַנגע צייט האָט זיך ה׳ מאַקס פּינקוס
געהאַלטן געזעלשאַפטלעך אָפּגעזונדערט
פון אידישן לעבן אין קובאַ, ביז וואַנען
עס האָט אים פאַרכאַפּט די אידייע פון
פּאַטראָנאַט, די אידייע פון אַ פאַראייניקט
אידיש לעבן אין דער נייעם היים. היינט
צו טאָג איז ער פון די טיכטיקסטע בויער
פון אָט דער אינסטיטוציע, פאַרנעמענדיק
די וויכטיקע אַמטן פון פּרעזידענט פון
בוי־קאָמיטעט און וויצע־אַדמיניסטראַטאָר
פון פּאַטראָנאַט.



## כאַסע פּערקאַל

געבוירן אין פּרוזשאַנע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 28־טן יולי 1926; ה׳ פּערקאַל, וועלער פאַרנעמט אָפיציעל די אַמטן פון וויצע־פּרעזידענט פון בוי־קאָמיטעט און אַדמיניסטראַטאָר פון פּאַט־ראָנאַט, איז איינער פון די סאַמע וויכ־טיקסטע בויער פון אָט דער אינסטיטוציע און איינער פון די גאָר־ערשטע מיטגלי־דער. דינאַמיש אין כאַראַקטער, ברענגט ער אָפּט אַריין לעבן אין די דיסקוסיעס אוי די זיצונגען. ער באַזיצט אַ גרויסע מאָס פון געזונטער לאָגיק, וואָס קומט שטאַרק צוניץ אַ יונגער, זיך בויענדיקער אינסטיטוציע, ווי עס איז דער פּאַטראָנאַט. ה׳ כאָסע פּערקאַל איז אויך איינער פון די גרינדער פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמי־טעט אין האַוואַנאַ — אַן אינסטיטוציע פון גרויס וויכטיקייט אין ישוב, און אַ סוחר און אינדוסטריעלער פון גרויסן פאַרנעם.



# סימאָן בערמאַן

געבוירן אין קאָוונע, הויפּט־שטאָט פון ליטע; געקומען קיין קובאַ דעם 7־טן פעברואַר 1923. ה' בערמאַן האָט די גאַנצע צייט פון זיין וואוינען אין קובאַ געפירט אַ שטיל לעבן. ער האָט זיך מערסטנטייל אָפּגעגעבן מיט בויען זיין היים און די פּרנסה. ערשט ווען עס איז אויפגעשוואוימען די אידייע פון דעם פּאַטראָנאַט, איז ער אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם געדאַנק און ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון בויען די אינסטיטוציע. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין דער דירעקטיווע און ער פאַרנעמט איצט דעם אַמט פון פּרעזידענט פונם פינאַנץ קאָמיטעט. אין פאַראייאָריקן ישראל־קאַמפּיין האָט ה' בערמאַן פאַרנומען דעם אַמט פון וויצע־קאַסירער.



## נחום ראָזענצווייג

געבוירן אין ראבבל (פוילן); אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 23־טן יולי 1926. געוואוינט די ערשטע יאָרן אין סאַן־קריסטאָבאַל, און שפּעטער אין קאָלאָן. ווערנדיק דער מלחמה געקומען לעבן אין האַוואַנאַ, וואו ער איז היינט אַן אָנגעזעענער סוחר אונטער דער פירמע „ראָזען טעקסטיל". אין די לעצטע יאָרן איז ער באַקאַנט אין די ברייטסטע געזעלשאַפטלעכע קרייזן צוליב זיין סאָציאַלער טעטיקייט. אין יאָר 1949 ווערט ער צוליב זיין פּאָפּולאַריטעט נאָמינירט אַלס פּרעזידענט פון ארץ ישראל קאַמפּיין, וועלכן ער פירט דורך מיט גרויס דערפאָלג. איינער פון די ערשטע צוועלף מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט, איז ער ביז היינט מיטגליד פון דער דירעקטיווע און וויצע־פּרעזידענט פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע.



## לעאָן גילפאַרב

געבוירן אין אנדראשאווקע, רוסלאַנד, געקומען קיין קובאַ דעם 6־טן פעברואַר 1924. ה' גילפאַרב איז איינער פון די סימפּאַטישסטע מענטשן אין ישוב. אַזוי ווערן אַייך זאָגן אַלע, וועמען עס קומט אוים מיט אים צו אַרבעטן פאַר עפּעס אַ געזעלשאַפטלעכן צוועק. ער איז פריינט־לעך און גוטמוטיק, כאָטש עס פעלט אים נישט קיין טעמפּעראַמענט, ווען מען דאַרף. ער איז ערנסט און איבערגעגעבן זיין אַרבעט, באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן כלל. ער האָט ליב מענטשן און ער האָט אַ פאַרגעניגן מיטצואַרבעטן מיט אַנדערע. אין יאָר 1933 איז ער שוין גע־ווען אין דער דירעקטיווע פון „אידישן צענטער", און אין 1936 — וויצע־פּרע־זידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט. היינט איז ער פון די טיכטיקסטע דירעק־טאָרן פון פּאַטראָנאַט און איינער פון זיינע סאַמע ערשטע מיטגלידער.



# סימאָן אַטראַן

געבוירן אין ראדאלץ, רומעניע; געקומען קיין קובאַ דעם 8־טן אויגוסט 1924. ה׳ אַטראַן האָט צו פאַרצייכענען אַ רייך געזעלשאַפטלעך לעבן אין זיין נייער היים, קובאַ. שוין אין די יאָרן 1931-2 זעען מיר אים אַלס דירעקטאָר פונם אנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט. אין די יאָרן 1933-34 איז ער וויצע־פרעזידענט פון „אידישן צענטער". אין 1944-45 איז ער דער פרעזידענט פון דער „כנסת ישראל". ער איז אויך, אין דער צווישן־צייט, דירעקטאָר פון דער אידישער קהילה, פון „בית החיים", פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון קובאַ. ער באַקליידט אויך די אַמטן פון קאַסירער פון הויז „בית עם"; פון וויצע־פּרעזידענט פון „אָר־אי־טי" און דירעקטאָר פון „בני ברית". ווי מ׳זעט — אַ רייך און נוצלעך לעבן פאַר אונזער ישוב. ביים איצטיקן מאָמענט איז ה׳ אַטראַן אַ דירעקטאָר פון פּאַטראָנאַט און איינער פון די ערשטע 12 גרינדער פון דער אינסטיטוציע.



## טשארלעס בלאָך

געבוירן אין לידע, פוילן; אָנגעקומען קיין קובא אין חודש דעצעמבער 1923; ה' בלאָך געהערט צו רעליגיעזן פליגל פון קאָנסערוואַטיוון. ניט קיין פאַנאַטיקער, איז ער אָבער טיף פאַרוואָרצלט אין דער אידישער טראַדיציע און ער האַלט, אַז אידישקייט אָן דעם רעליגיעזן פאַדים האָט נים קיין גרויסן האַפט. איז ער טאַקע איינער פון די זיילן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די ניט צו־שטאַרקע רעליגיעזע באַוועגונג אין קובא. ביים איצטיקן מאָמענט איז ה' טשאַרלז בלאָך דער פּרעזידענט פון דער ,,אידישער קהילה'' אין האַוואַנאַ. אין 1942 איז ער געווען אַ טיכטיקער מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון ,,אידישן צענטער''. ער איז איינער פון די סאַמע ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט און אַ מיטגלידער פון דער דירעקטיווע.



# מאָרים בערעזדיווין

געבוירן אין האָראָדאָק, פוילן; געקומען קיין קובא דעם 12־טן יאַנואַר 1924. אין דעם טערמין 1937־1938 און ווידער אין די יאָרן 1944־1945 איז ער געווען אין דער דירעקטיווע פון אידישן צענטער. אי די יאָרן 1945 און 1946 האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון פרעזידענט פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער. אין די יאָרן 1941 און 1942 איז ער געווען פרעזידענט פון קרן היסוד אין קובא. אויסער דעם — קאַסירער פון „בני ברית", און איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון פאַטראָנאַט און אַ מיטגליד פון דער דירעקטיווע.



## עליאַס גוריאַן

געבוירן אין וואלמא (פוילן); געקומען קיין קובאַ דעם 14־טן מאַי 1924. אַ באַשיי־דענער, שטילער און צוריקגעהאַלטענער מענטש, צוליב זיין גוטן כאַראַקטער גע־אַכטעט און באַליבט אין דער אידישער קאָלאָניע, האָט ער דורך די לאַנגע יאָרן, וועלכע זענען אויך זייער אָפט שווערע יאָרן געווען, דורכגעגאַנגען דורך די אַלע שטאַפּלען פון דעם מזרח אייראָפּייאישן עמיגראַנט אין קובאַ. אָנגעהויבן אַלס 17 יעריקער בחור אין אַ קאַמפּ־שטעטל, כאָ־וועיאַנאָס, האָט ער זיך דעראַרבעט און געקומען צום שטאַנד פון זיין דער אייגנ־טימער פון דער אָנגעזעענער פירמע ,,טאַרזאַן'' און ,,דיוואַ'' (טאַשן־פאַברי־קאַנט). ה' עליאַס גוריאַן צייכנט זיך שטענדיק אוים מיט אַ ברייטער האַנט פאַר אַלע אידישע נויטן און איז איינער פון די ערשטע בויער פון פּאַטראָנאַט און באַקליידט ביז היינט צו טאָג דעם אַמט פון דירעקטאָר פון פּאַטראָנאַט.



# הערמאַן וויינבערג

געבוירן אין מינסק, ווייס־רוסלאַנד; גע־
קומען קיין קובאַ דעם 12־טן אַפּריל 1924,
פון דעם אינטעליגענטערן עלעמענט אי־
דישע אײַנוואַנדערער אין קובאַ, האָט זיך
ה׳ וויינבערג געהאַלטן ווייט פון געזעל־
שאַפטלעכן לעבן. כאָטש ער האָט מסתמא
געהאַט זיינע אורזאַכן, איז פונדעסטוועגן
אַ שאָד און אַ פאַרלוסט פאַרן ישוב, ווייל
ער האָט אָן צווייפל געקאָנט אַ סך ביי־
שטייערן צום אידישן לעבן. אויסער דעם,
איז אָבער ה׳ הערמאַן וויינבערג אַ מיט־
גליד אין אַלע וואוילטעטיקע אינסטיטו־
ציעס פון ישוב, און ער ווערט דערפאַר
געאַכטעט פון אַלעמען.



# דוד ווייס

געבוירן אין פעלסע־פולד, אונגאַרן; געקו־
מען קיין קובאַ אין חודש יוני 1924.
ה' דוד ווייס' וועג אין דעם נייעם לאַנד
איז געווען אַביסל אַנדערש ווי דער וועג
פונם דורכשניטלעכן אידישן אימיגראַנט.
שבת איז ער געקומען קיין קובאַ און מאָנ־
טיק האָט ער שוין געאַרבעט ביי זיין פאַך:
זייגערמאַכעריי. ה' דוד ווייס איז אַ שטי־
לער, מילדער מענטש, איז דעריבער זיין
לעבן אינם נייעם לאַנד געפלאָסן רואיק
און אָן שטורעמס. זיין איינציקע געזעל־
שאַפטלעכע טעטיקייט אין קובאַ איז דער
פּאַטראָנאַט, פון וועלכן ער איז פון די
ערשטע מיטגלידער און אַ דירעקטאָר. ער
איז מיט לייב־און־לעבן פאַר אַ פּראָדוק־
טיוו, געאייניקט אידיש לעבן אין דעם
לאַנד קובאַ.



# מיגעל צימבלער

געבוירן אין אלקיניק, פוילן; געקומען קיין קובא דעם 4־טן אָקטאָבער 1925. ה' צימבלער איז ביים היינטיקן טאָג פון די אָנגעזעענסטע געשעפטסלייט אין דעם אידישן ישוב פון קובא. א מענטש אָן פּרעטענציעז און אָן כבוד־זוכעריי האָט ער זיך דערוואָרבן רעספּעקט ביי פריינט און באַקאַנט סיי אין דער סוחרישער וועלט, סיי לעצטנס, אויפן געזעלשאַפט־לעכן געביט. זיין הויפט־שטריך איז — ערלעכקייט. דאָס איז אַן אייגנשאַפט, וואָס ווערט, ווייזט אויס, אָפּגעשאַצט אור־מעטום און פון יעדן איינעם. ה' מיגעל צימבלער איז נאָך פריער געווען אַקטיוו אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון קובא. אין 1940 איז ער געווען א מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון „אידישן צענ־טער" און פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער. ביים היינטיקן טאָג איז ער פון די טיכטיקסטע טוער פון פּאַטראָנאַט און א מיטגליד פון דער דירעקטיווע.



## ענריקע קאַלושין

געוועזענער פרעזידענט פון אידישן צענ־
טער; איינער פון די ערשטע מיטגלידער
פון פאַטראָנאַט; באַקאַנטער סוחר אינ־
דוסטריאַליסט; אייגנטימער פון „קאַסאַ
קאַלושין".

## כאַסע אייבעשיץ



געבוירן אין וואַרשע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 24־טן פעברואַר 1924. ה' אייבעשיץ האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט לטובת הכלל נאָך אין דער אַלטער היים, וואו ער איז געווען אַקטיוו אין „הזמיר", „לינת הצדק" און „גמילת חסדים". דאָ, אין קובאַ, איז ער געווען אין דער דירעקטיווע פון דער קהילה (1948); ער איז וויצע־פּרעזידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט און אין דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט.

## הערי בלאָך



געבוירן אין לידע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 7־טן אויגוסט 1931. ה' בלאָך איז איינער פון די אינגסטע דירעקטאָרן פון פּאַטראָנאַט און אויך איינער פון זיינע ערשטע מיטגלידער. ער ווייזט אַרויס גרויס אינטערעס צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע מיט זיין ווילן צו אַרבעטן פאַר אירע צילן, וואָס זי האָט זיך געשטעלט. ה' הערי בלאָך איז אויך געווען אין דער דירעקטיווע פון „אידישן צענטער".



## כאַסע וולאַדאַווסקי

געבוירן אין דראָגיטשין, ווייס־רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 14־טן יולי 1922; געווען טעטיק אין דער אידישער האַנדלס־קאַמער און אין 1939 געווען סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוציע; געווען אין דער דירעקטיווע פונם אידישן צענטער (1933), און אין 1934 געווען איינער פון די גרינ־דער פונם אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט; ה׳ וולאַדאַווסקי איז פון די ערשטע מיט־גלידער פון פּאַטראָנאַט.

## בנימין טערנער



געבוירן אין אוסטילוג, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין מאָנאַט יוני 1928. באַ־קאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער, פּרעזי־דענט פון תחכמוני אינסטיטוט; דירעק־טאָר פון אידישן צענטער און איינער פון די אָנפירנדע דירעקטאָרן אין דער אידי־שער קהילה. ה׳ טערנער איז דער אייגנ־טימער פון דער האַנד־טאַשן פאַבריק אונטער דעם נאָמען ,,טערנער׳ס״.

## איסאַק יאַוויץ



געבוירן אין סווענציאַן, רוסלאַנד, אָבער
געלעבט אַ סך יאָרן אין ווילנע. קיין קובאַ
איז ער אָנגעקומען דעם 14־טן מערץ
1924. אין אַ געוויסן זין איז דער וועג
פון ה' יאַוויץ געווען אַן אַנדערער ווי
דער וועג פון אַנדערע אימיגראַנטן אין
קובאַ. ער האָט דאָ שטודירט אינם היגן
נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט, זייענדיק אין
דעם פּרט אפשר דער איינציקער פון דעם
ערשטן דור אידישע אימיגראַנטן אין קו־
באַ. אין 1939־טן יאָר האָט ער געענדיקט
אַלס אָפּטאָמעטריסט — אַ פּראָפעסיע,
וואָס ער פּראַקטיצירט ביזן היינטיקן טאָג
אין האוואַנאַ. ה' יאַוויץ איז געזעלשאַפט־
לעך אַקטיוו שוין אַ היפּשע פּאָר יאָר. אין
1931 איז ער געווען וויצע־סעקרעטאַר
פונם „אידישן צענטער" און היינט איז
ער אַ דירעקטאָר פון פּאַטראָנאַט און
איינער פון זיינע ערשטע מיטגלידער.

## נחמיה קוביליון



געבוירן אין סאַלאַט, ליטע; געקומען קיין
קובאַ דעם 29־טן סעפּטעמבער 1925.
ה' קוביליון איז פון די שטילע בויער,
וועמעס אַרבעט און מי זעט זיך אָן אויף
אַ שטילן אופן, וואָס ווערט אָבער ריכטיק
אָפּגעשאַצט פון די, וואָס קענען אים. אין
1939־טן יאָר איז ער געווען פּרעזידענט
פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט, און אין
1941 — קאַסירער פון אידישן צענטער.
היינט צו טאָג איז ער אַן אָנגעזעענער
מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון
פּאַטראָנאַט.



## הערי קופער

געבוירן אין קישינעוו, בעסאראביע; גע־קומען קיין קובא דעם 29־טן אָקטאָבער 1929. ה' קופער'ס געזעלשאפטלעכע פארדינסטן דריקן זיך אוים אין זיין שטי־לער מיטארבעט מיט אנדערע. אליין צו שטופן זיך אין פראָנט איז נישט אין זיין טבע. פונדעסטוועגן ווערט זיין ארבעט אפגעשאצט. ער האָט מיטגעארבעט אין סוחרים פאריין, אין אידישן צענטער, און איצט אלס דירעקטאָר פון פאטראָנאט.

## מאָריס ראָזענפעלד



געבוירן אין יאנאָווע, ליטע; איינגעוואנ־דערט קיין קובא דעם 9־טן יאנואר 1924. ה' מאָריס ראָזענפעלד איז, וואָס מ'רופט אָן, א קעמפער פאר דעם, וואָס ער האלט פאר ריכטיק. דאָס איז א געווינס פאר יעדער אָרגאניזאציע, צו וועלכער ער גע־הערט, ווייל ער טראָגט אהין אריין, אוי־סער זיין איניציאטיוו און פייאיקייט, אויך זיין איבערגעגעבנקייט. אין 1938 איז ה' ראָזענפעלד געווען אין דער דירעקטיווע פון „אידישן צענטער"; אין 1948 דער קאסירער פון „הילפס־קאָמיטעט פאר פליטים"; איצט איז ער אן אנגעזעענער מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון פאט־ראָנאט און איינער פון זיינע ערשטע אָנהענגער.



## יוסף ראַווינסקי

געבוירן אין קאָברין, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 2־טן יאַנואַר 1931. נאָך אין דער אַלטער היים איז ער געווען טעטיק אין „בונד", פאַרנעמענדיק די שטעלע פון סעקרעטאַר פונם ראַיאָנעם קאָמיטעט. דאָ, אין קובאַ, איז ער געווען דירעקטאָר פון „אָרט" קאָמיטעט (1937); סעקרעטאַר פון „הילפס קאָמיטעט פאַר פּליטים" (1950), און איצט איז ער אַ טיכטיקער מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט און אַ געטרייער און אי־בערגעגעבענער קעמפער פאַר אַ פאַראיי־ניקטער אידישער קערפּערשאַפט אין קובאַ.



## אַראָן יוקען

געבוירן אין אָסאָווע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 3־טן אַפּריל 1924; ה' יוקען איז געווען פּרעזידענט פון „אידישן צענ־טער" אין 1941 און איצטער; וויצע־פּרע־זידענט פונם געוועזענעם צענטראַל־קאָמיטעט און אַ וואָקאַל אין דער אידי־שער האַנדלס־קאַמער; ער איז אויך אין דער דירעקטיווע פון פּאַטראָנאַט.



## יורי אַפּרין

געבוירן אין מעליטאָפּאָל, רוסלאַנד; געקו־
מען קיין קובאַ דעם 2־טן מאַי 1928.
ה' אַפּרין איז געווען קאַסירער פון דער
אידיישער האַנדלס־קאַמער אין 1945;
אַדמיניסטראַטאָר פון „אידישן צענטער"
אין 1947; קאַסירער פון „אידישן צענ־
טער" אין 1951; ער איז אויך אין דער
דירעקטיווע פון פאַטראָנאַט.

## נחום סמאָל



געבוירן אין ראַקיטנע, אוקראַינע; געקו־
מען קיין קובאַ דעם 22־טן יוני 1927.
ה' סמאָל איז איינער פון די גרינדער־
לעבע טוער פון אידישן ישוב אין האַ־
וואַנאַ; ער איז געווען פרעזידענט פון
אידישן סוחרים פאַריין אין האַוואַנאַ און
אויך דער סעקרעטאַר פון דער זעלבער
אינסטיטוציע; קאַסירער פון געוועזענעם
צענטראַל־קאָמיטעט און אויך אין דער
דירעקטיווע פון פאַטראָנאַט.



# איסאַק בערעזדיווין

געבוירן אין דאַוויד־האָראָדאָק, פּוילן גע־
קומען קיין קובאַ דעם 7־טן פעברואַר
1927. ה' איסאַק בערעזדיווין, ווי אַ סך
אַנדערע אידישע אימיגראַנטן, איז די
ערשטע יאָרן געווען פאַרנומען מיט אײַנ־
אָרדענען זיין עקאָנאָמיש לעבן, און ערשט
נאָכדעם, ווען ער איז שוין געשטאַנען
פעסט אויף די פיס, האָט ער אָנגעהויבן
נעמען אַן אינטערעס אין געזעלשאַפטלעכן
לעבן. דער עיקר איז היינטיקס יאָר פאַר
אים אַ פרוכטבאַרס אין זין פון געזעל־
שאַפטלעכער איניציאַטיוו. ער איז דער
פרעזידענט פונם פאַראייניקטן נאַציאָנאַלן
ישראל קאַמפּיין אין קובאַ און פרעזידענט
פון „קלוב ישראל" פון וויבאָראַ. ער איז
אויך איינער פון די פריסטע מיטגלידער
פון פאַטראָנאַט.



# מאַקס בערעזדיווין

געבוירן אין האָראָדאָק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 12־טן יאַנואַר 1924. אַלס איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן, האָט ה' מרדכי בערעזדיווין פאַרשטאַנען מיט זיין אינטעליגענטן חוש זיך אַרויפצואַר־בעטן און צו קריגן אַ זייער אָנגעזעענעם נאָמען אין דער געשעפטס־וועלט. ער איז מיט־איינגנטימער פון דעם באַקאַנטן געשעפט „על פראַנצעס", און איינער פון די ערשטע 12 גרינדער פון פּאַטראָנאַט. ה' בערעזדיווין איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס, וועלכע ער שטיצע תמיד מיט אַ ברייטער האַנט.



# סאַמועל גאָסאָוו

געבוירן אין ווילנע, פוילן; געקומען קיין קובאַ אין חודש אויגוסט 1923. ה׳ גאָ־סאָף איז אַ שטילער, רעזערווירטער מענטש. בויט אינדערשטיל, אויף זיין אייגענעם אופן. ה׳ גאָסאָף האָט פאַר־אויסגעזען דעם ווילן און דעם געדאַנק פון פּאַטראָנאַט און האָט אויף זיין באַ־שיידענעם אופן, שטיל און רואיק, זיך בייגעשטייערט פאַר דעם אויפבוי פון פּאַטראָנאַט. ער איז איינער פון די גאָר ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט און איינער פון די גוטע ביישטייערער פאַר אָט דער אינסטיטוציע. ער איז אויך אַן אָנגעזעענער סוחר אין דער אידישער קאָלאָניע.



## מאָרים גימעלשטיין

געבוירן אין סלוצק, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 2־טן מאַי 1923. ה' מאָ־רים גימעלשטיין, אָדער ווי זיין אידישער נאָמען איז: משה הימלשטיין, איז איינער פון די שעפערישסטע אידן אין קובאַ אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. ער איז געווען פרעזידענט פון אַזעלכע הויפּט־אָרגאַניזאַציעס פון אידישן ישוב פון קו־באַ ווי: דער „אידישער צענטער" און די „ציוניסטישע פאַריייניקונג". ער איז אויך געווען סעקרעטאַר פון פאַריייניקטן ישראל קאַמפּיין; קאַסירעת פון דער אידי־שער האַנדלס־קאַמער און פרעזידענט פון „נחלת יהודי קובא".



# חנה דיזיק

איז די פרוי פון דעמחשובן געזעלשאפט־לעכן טוער, ה׳ בען דיזיק. זי איז אבער געזעלשאפטלעך אקטיוו. אזוי פרי אין דער אידישער אימיגראציע פון קובא ווי אין 1927 איז זי שוין געווען די פרעזידענטין פון דער ליי־קאסע, אין יענער צייט אן אינסטיטוציע פון גרויס וויכטיקייט. איצט איז זי קאסירערין און וויצע־פרעזי־דענטין פונם פרויען פאריין. אין דער צווישן־צייט איז זי אויך נישט געזעסן לײדיק, נאר געהאלפן בויען און צעמענ־טירן דאס אידישע לעבן אין קובא. פרוי דיזיק איז א געבוירענע אין בוקי, הוס־לאנד, און זי אויך געוואוינט אין באקו, קאווקאז. קיין קובא איז זי געקומען דעם 11־טן יאנואר 1922, און פון דאן אן איז זי, צוזאמען מיט איר מאן טעטיק אינם היגן געזעלשאפטלעכן לעבן און זי ווערט דערפאר געליבט און אפגעשאצט פון אירע פריינט און מיטארבעטער. די ערשטע פרוי מיטגליד פון פאטראנאט.

# יחיאל האָלץ



געבוירן אין ליפּנע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 30־טן נאָוועמבער 1930. ה׳ האָלץ האָט אַ שטיק צייט געוואוינט אויף דער פּראָווינץ און ער איז איינער פון די גרינדער פון אידישן צענטער פון סאַנטאַ־קלאַראַ. אין פאַרלויף פון צען יאָר (פון 1936 ביז 1946) איז ער איניקע מאָל געווען פּרעזידענט אָדער סעקרעטאַר אין יענער שטאָט. אין יאָר 1948, שוין וואוינענדיק אין האַוואַנאַ, איז ער געווען דירעקטאָר פון הסתדרות קאַמפּיין. פון 1948 ביז 1951 איז ער אין דער דירעקטיווע פון דער אידיישער קהילה פון קובאַ. אין 1950 איז ער געווען פּרעזידענט פון דער קינדער־שול „תחכמוני״. אויך אין דער אַלטער היים איז ה׳ יחיאל האָלץ געווען אַקטיוו, מערסטנס אין ציוניזם. איבעריק צו זאָגן, אַז ה׳ יחיאל האָלץ איז אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.

# אַדעלאַ האָלץ



געבוירן אין ליעפּנאַ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1932. פרוי האָלץ האָט נאָך אין דער אַלטער היים אַקטיוו געאַרבעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג; איז געווען די ערשטע פּרעזידענטין פון פרויען קלוב ביים אידישן צענטער פון סאַנטאַ־קלאַראַ.



# כאָסע וויטקינאַס

געבוירן אין קאָוונע; געקומען קיין קובאַ דעם 25־טן אָקטאָבער 1941. ה' וויטקי־נאַס האָט אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט פון דער אַלטער היים. אין קאָוונע איז ער גע־ווען אַ מיטגליד פון פּלענום ראַט אין ספּאָרט קלוב מכבי, און אויך אַ מיטגליד פון מרכז הצעיר. זייט זיין אָנקומען קיין קובאַ איז ער אַקטיוו אין דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע. ה' וויטקינאַס איז אין האַוואַנאַ אַ באַקאַנטער אינדוסטריאַליסט מיט־אייגנטימער פון דער פירמע „בעא־קאַן טעקסטיל מילס" און פּרעזידענט פון דער פירמע „פּאַלמאַ פאַבריקס קאָמפּאַני"



# כאַסע זינגער

געבוירן אין דאָמבראָווע, פּויל; געקומען קיין קובאַ דעם 20־טן יאַנואַר 1921. דאָס קלאַסיפיצירט דעם ה׳ זינגער אַלס איי־נעם פון די ערשטע אידישע אייגוואַנדע־רער אין מדינת קובאַ. עס באַצייכנט איס אויך אַלס איינעם פון די פּיאָנערן אין יישוב אינם עקאָנאָמישן קאַמף פאַר עק־זיסטענץ. ווייל שווער איז געווען דער וועג פון אַיינאָרדענען זיך אין דעם נייעם לאַנד. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך אויסדויער־קראַפט און מוט דורכצוגיין קריזיסן, ביז מען האָט זיך צו עפּעס דערשלאָגן. ה׳ זינגער איז פון די סאַמע ערשטע מיטגלידער פון פאַטראָנאַט און איינער פון זיינע ליבעראַלסטע ביי־שטייערער.



# אַדאָלפֿאָ טייטעלבוים

געבוירן אין לעמבערג, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ אין יאָר 1923; איינער פון די פּילנדע אידישע מענטשן, וואָס בייי־שטייערן זיך פאַר אַלץ וואָס איז אידיש מיט אַ ברייטער האַנט און אַ שמייכל אויף די ליפּן; אייגנטימער פון געשעפט ,,לאַ קאַסאַ אַדאָלפֿאָ''.



## סאַלאָמאָן ליכטענשטיין

געבוירן אין ליפּנע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 1־טן נאָוועמבער 1934. ה' ליכטענשטיין האָט געוואוינט אַ לענגערע צייט אין סאַנטאַ־קלאַראַ, וואו ער איז געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דאָרטיקן אידישן צענטער. אין האַוואַנאַ איז ה' ליכטענשטיין אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## יהודית נעימאַן דע ליכטענשטיין

געבוירן אין קאָריץ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין מאָנאַט סעפּטעמבער 1923; איז געווען פּרעזידענטין פון ציוניסטישן יוגנט־קלוב און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער יאָנג וויצאָ. פרוי ליכטענשטיין באַטייליקט זיך אין אַלע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן.



## ישעיה נאָוויגראד

געבוירן אין ווישקאָוו, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 14־טן אָקטאָבער 1926. ה׳ נאָוואָגראד איז היינט פון די אָנגע־זעענע אידישע סוחרים אין ישוב. עס איז אָבער געווען אַ צייט, ווען ער האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס אַ סך אַנדערע אידישע אי־מיגראַנטן האָבן געהאַט דורכצומאַכן אין זייערע ערשטע יאָרן אין דעם נייעם לאַנד. אין דעם זין קאָן ער באַטראַכט ווערן ווי אַ פּיאָנער. ה׳ ישעיה נאָוויגראד איז פון די ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט.



# אַנאַ פּינקוס

געבוירן אין מירגאראד, אוקראַינע; געקו־
מען קיין קובאַ דעם 10־טן אָקטאָבער
1924. מאַדאַם אַנאַ פּינקוס איז די פרוי
פון געזעלשאַפטלעכן עסקן מאַקס פּינקוס.
זי איז אָבער אַקטיוו אויף איר אייגע־
נעם חשבון און פאַרדינט פאַרצייכנט צו
ווערן אַלס איינע פון די טעטיקסטע גע־
זעלשאַפטלעכע טוערינס אין היגן געזעל־
שאַפטלעכן לעבן. פרוי פינקוס איז אַצינד
די פרעזידענטין פון פרויען פאַריין, סעק־
רעטאַרין פון דער לײַ־קאַסע, און אין דער
דירעקטיווע פו דער „וויצאָ‟. אַ פיינער
רעקאָרד! אויסער דעם מעג מסתמא אַ
סך פון איר מאַנס אַקטיוויטעט צוגעשריבן
ווערן צו איר הילף און דערמוטיקונג.



# מאָריס קאָנסקי

געבוירן אין ווילנע, ליטע; געסימעז הייי
קובאַ דעם 24־טן פעברואַר 1924. ה' מאָ־
ריס קאָנסקי האָט, ווייזט אויס, געוואָלט
בלייבן געטריי דעם גוטן נאָמען פון זיין
שטאָט. ער האָט געלערנט אין דער „קצ־
בישער ישיבה"; געענדיקט ראמיילעס
ישיבה; געווען אַ תלמיד פון דעם באַ־
רימטן גאון ר' חיים עוזר גראָדזענסקי און
געזעסן און געלערנט תורה אין ווילנער
גאונס קלויז. אויסער דעם האָט ה' מאָריס
קאָנסקי געענדיקט אַ ווילנער אַלגעמיינע
ייר־אַזיע און צוויי יאָר שטודירט אין
אוניווערזיטעט פון קעניגסבערג. אין די
רייפערע יאָרן איז ער געווען טעטיק אין
„צעירי ציון" פון ווילנע, און געווען
איינער פון די גרינדער פון ווילנער
ספּאָרט־פאַריין „מבי". דאָ, אין קובאַ,
איז ער געווען טעטיק אין „אָרט" (געווען
קאַסירער אין 1941); געווען וויצע־
פּרעזידענט פון דער אויטאָנאָמער שול,
און איינער פון די ערשטע מיטגלידער
פון פּאַטראָנאַט.



## סאַמועל קאַרוואַסאַרסקי

געבוירן אין קראַסנאַיע פּאָדאָלסקי, רוס־לאַנד; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 3־טן יוני 1928; ה' סאַמועל קאַרוואַסאַרסקי באַלאַנגט ניט פּרינציפּיעל צו די פּירנ־דיקע גרופּעס פון אידישן געזעלשאַפט־לעבן לעבן. אַזוי איז ער זיך נוהג געווען אין זיין אַלטער היים, אין אוקראַינע, און אַזוי אין זיין נייער היים, קובאַ. ער איז אָבער אַ איד מיט אַ וואַרים אידיש האַרץ און מיט אַ געפיל פאַר אַלץ, וואָס איז ניצלעך און שעפעריש אין אידישן לעבן.



# משה קאריטי

געבוירן אין נאוואגראד־וואלינסק, רוס־לאנד; געקומען קיין קובא דעם 10־טן יוני 1925. ה' מארים קאריטי איז געווארן געזעלשאפטלעך ניצלעך אין ישוב אין די ערשטע יארן פון זיין קומען אהער. אזוי גיך ווי ער איז, מער־ווייניקער, געווען באַזארגט מיטן שטיקל ברויט, איז ער געווארן אקטיוו אין איינער פון די וויכטיקסטע ארגאניזאציעס פון יענער צייט — אין דעם אנטי־טובערקולאז קאמיטעט (אלס דירעקטאר). דאס איז געווען אין 1928. אין די יארן 1931־1932 איז ער געווען פרעזידענט פון דער קולטור־קאמיסיע ביים „אידישן צענטער" — אויך דירעקטאר פון דער זעלבער ארגאניזאציע. ה' מארים קאריטי איז א מיטגליד פון פאטראנאט און א שותף מיט זיין ברודער כוליא צום געשעפט „קארבאטאס רעפארטער", וואס איז איינע פון די גרעסטע פירמעס אין קובא.



# מאָטל קלעפּאַטש

געבוירן אין ראַמאַיאָוו, רוסלאַנד; גע־
קומען קיין קובאַ דעם 12־טן אַפּריל
1923. די פאַמיליע קלעפּטש האָט גרויסע
פאַרדינסטן אין גאַנצן ישוב, אויף דעם
געביט פון פילאַנטראָפּישע הילף פאַר
אָרימע און קראַנקע. יאָרן לאַנג איז ה'
קלעזאַטש אַ מיט־שותף צו די לייסטונגען
פון זיין ליבער פרוי פאַניע, וועלכע האָט
אָנגעפירט אַ וואונדערבאַרע אַרבעט אַלס
פּרעזידענטין פון פרויען־פאַריין. איר מאַן
האָט איר די גאַנצע צייט דערמוטיקט אין
דער הייליקער אַרבעט. ה' קלעפּאַטש איז
באַקאַנט אין דער היגער געשעפטס־וועלט
אַלס דער אייגנטימער פון דער באַקאַנטער
פירמע „אַלמאַסענעס עגידאַ סיטי".



## כוליאָ קראַמער

געבוירן אין טשעכאַנאָוו, רוסלאַנד; גע־
קומען קיין קובאַ אין אויגוסט 1916.
דאָס שטעלט אים אַוועק אין דער ערשטער
ריי פון די אידישע אימיגראַנטן אין קובאַ.
ה׳ קראַמערס פאַרדינסטן פאַר די ערשטע
אידישע אימיגראַנטן פון מזרח איראָפּע,
וועלכע זענען געקומען נאָך אים זענען
קוים אָפּצושאַצן. ניט איינעם פון זיי איז
ער דעמאָלסט אַנטקעגנגעקומען מיט זיין
הילף און אים געהאָלפן זיך שטעלן אויף
די פיס. עס זענען נאָך היינט דאָ לעבע־
דיקע עדות דערפאַר. ה׳ כוליאָ קראַמער
איז אויך געווען איינער פון די ערשטע
פּרעזידענטן פון דעם „אידישן צענטער“.
דאָס איז געווען אין יאָר 1927.



# לינאַ ראַבין דע הייזלער

געבוירן אין קורסאן (ליטע); אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 4־טן סעפּטעמבער 1925; פרוי פון פּרעזידענט פון פּאַטראָנאַט. אַ שטילע, באַשיידענע און טרייע אידישע טאָכטער, וועלכע האָט אַלעמאָל סטימו־לירט איר מאַן אין זיין אידישער געזעל־שאַפטלעכער און איבערגעגעבענער אַר־בעט, און אַזוי אַרום אייגנטלעך אין אַ געוויסער מאָס אַ שותּף אין איר מאַנס דערגרייכונגען. אויסער דעם באַזיצט זי אַ שאַרפן געזעלשאַפטלעכן אינסטינקט, וועל־כער דריקט זיך אויס אין איר פילעריקער און אַקטיווער מיטאַרבעט אין די פאַר־שידענע פרויען אינסטיטוציעס און פי־לאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. באַקליידט היינט דעם אַמט פון קאַסירערין פון פרויען פאַריין; פון די איינצלנע פרויען מיט־גלידערינס פון פּאַטראָנאַט.



# ליזאַ ראַבינאָוויטש

געבוירן אין לעכאוויטש, רוסלאַנד; געקו־מען קיין קובאַ אין סעפּטעמבער 1925. פרוי ראַבינאָוויטש, כאָטש זי איז די פרוי פון אַ געזעלשאַפטלעך־באַוואוסטזיניקן פּערזאָן, איז אָבער אַקטיוו און געזעל־שאַפטלעך נוצלעך אויף איר אייגענעם חשבון. זי איז וויצע־פּרעזידענטין פון פרויען פאַריין — איצטער און פריער; אויך אַ וויצע־פּרעזידענטין פון „וויצאָ“; אויסער דעם, געהערט זי צו די אידישע פרויען, וועלכע העלפן זייערע מענער שטיצן סיי עקאָנאָמיש, סיי געזעלשאַפט־לעך. פרוי ראַבינאָוויטש געהערט צו די ערשטע גרופּע פרויען, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגלידער פון פּאַט־ראָנאַט.



# כאַקאָבאָ ראָגאָזין

געבוירן אין אָסטראָלענקאָ, פּוילן; געקו־
מען קיין קובאַ דעם 28־טן נאָוועמבער
1923. ה' ראָגאָזין איז אַן אָנגעזעענער
סוחר אין ישוב. ער האָט אָבער ניט פאַר־
נאַכלעסיקט זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכ־
טן. אין יאָר 1945 איז ער געווען דער
קאַסירער פון „חסד של אמת" אין האַ־
וואַנאַ; אין 1947 איז ער געווען טעטיק
אין דער דירעקטיווע פון דעם „אידישן
צענטער" און אין דער דירעקטיווע פון
דער אויטאָנאָמער שול ביים צענטער; ער
איז אויך איינער פון די ערשטע מיט־
גלידער פון פּאַטראָנאַט — איינער פון
די ערשטע איינצוזען די נויטיקייט פון
אַזאַ אינסטיטוציע. ה' ראָגאָזין איז, צו־
זאַמען מיט ה' מאָריס קאָנסקי, דער איי־
גנטימער פון דעם געשעפט „לאַ גאַ־
ראַנטיאַ".



## איסידאָראָ אַבראַבאַנעל

געבוירן אין גאַליפּאָלי, טערקיי; געקומען קיין קובאַ דעם 23־טן אָקטאָבער 1923; באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין אידישן ישוב, ווי אויך אין די קובאַנער האַנדלס־קרייזן. אַלס פּרעזידענט פון שבת אחים שפּילט ער פירנדע ראָלע אין ספרדישן סעקטאָר. ה' אַבראַבאַנעל איז אויך פּרע־זידענט פון דער קובאַנער טעקסטיל אינ־דוסטריע, און אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון ראָטאַרי קלוב, אייגנטימער פון דער אין קובאַ באַקאַנטער פירמע ,,קאָנקאָרדיאַ טעקסטיל''.



## גרעז בארעקס דע אבראבאנעל

געבוירן אין ניו־יאָרק, פרוי פון דעם באַ־
קאַנטן אינדוסטריאַליסט און געזעל־
שאַפטלעכן טוער ה׳ איסידאָרא אבראַבאַ־
נעל; איז טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן
לעבן און שטיצט מיט א ברייטער האַנט
די אַלע נויטן פון ישוב.

## מאָריס אַוועָרבוך



געבוירן אין הוסאטין, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 4־טן אָקטאָבער 1923. ה' אַווערבוך איז היינט איינער פון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין אידישן קובאַ, מיט צוויי גרויסע געשעפטן. ער איז אויך פון צייט צו צייט אַקטיוו אין געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. ער איז מיט עט־לעכע יאָר צוריק געווען אין דער דירעק־טיווע פון „אידישן צענטער" און וויצע־פּרעזידענט פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער. ער איז אויך אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.

## דוד אוטיאַנסקי



געבוירן אין סקידעל, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1927. באַקאַנטער געזעל־שאַפטלעכער טוער, שרייבער און אינטע־לעקטואַל; מיטגלידער פון דער קולטור־קאָמיסיע ביים אידישן צענטער, און לעצ־טנס געווען דעלעגאַט פון אידישן צענ־טער צו דער אומאָפּהענגיקייטס פייערונג אין מדינת ישראל.



## סימאָן ביגעלמאַן

געבוירן אין וואַרשע, הויפּט־שטאָט פון פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1923. ה' סימאָן ביגעלמאַנס טעטיקייט האָט זיך מערסטנטייל אָנגעזען אין „אידישן צענטער", וואו ער האָט, אין יאָר 1948, פאַרנומען דעם אַמט פון קאַסירער. ביים היינטיקן טאָג איז דער וויצע־פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע. ה' ביגעלמאַן איז דער אייגנטימער פון געשעפט „על טאַנקע".

## ענריקע ביגעלמאַן



געבוירן אין וואַרשע, הויפּט־שטאָט פון פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 27־טן מערץ 1931. ה' ביגעלמאַן איז היינט אַן אָנגעזעענער אידישער סוחר אין ישוב. עס איז אָבער געווען אַ צייט, ווען ער האָט געמוזט פּיאָנערעווען, באַגלייך מיט אַנדערע אידישע אימיגראַנטן, כדי אויס־צוקומען מיטן טאָג. קאָן ער דעריבער אין עקאָנאָמישן זין פאַררעכנט ווערן ווי אַ פּיאָנער אין אידישן קובאַ.



## יעקב בייקאָוויטש

אַ אידישע איד און אַ שטילער מענטש, וואָס האָט זיך ליב צו רופן מיט זיין אידישן נאָמען יעקב מער ווי כאַקאָבאָ. ה' בייקאָוויטש געהערט צו אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס פון קובא און ער שטיצט אַלע נויטיקע און באַדערפטיקע אינסטיטוציעס. ער איז דער מיט־אייגנטימער פון דער קאַמיסעטן־פאַבריק „טעבידאָס פערראַ".

## סענדער בענדער



געבוירן אין וואַרשע, פוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 20־טן יוני 1921. ה' סענדער בענדער איז איינער פון די ערשטע אידישע עמיגראַנטן פון נייעם ישוב. שוין אין יאָר 1930 איז ער איינער פון די גרינדער פון וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין און ווערט אויך געוויילט אַלס ערשטער פּרעזידענט; אין 1947 איז ה' בענדער אַדמיניסטראַטאָר פון בית־החיים. ער איז אויך אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון אַלע אידישע אינסטיטוציעס.

## ברוך בענעס



געבוירן אין קרייסק, ווייס־רוסלאַנד; גע־
קומען קיין קובאַ דעם 30־טן יוני 1924.
ה' בענעס איז געווען אין דער דירעקטיווע
פון „אידישן צענטער" (1940); קאַסי־
רער פונם ישראל קאַמפּיין (1948); לעצ־
טנס איז ער צוגעצויגן געוואָרן אַלס מיט־
אַרבעטער אין דער דירעקטיווע פון פּאַט־
ראָנאַט. ה' ברוך בענעס איז אויך איינער
פון די אינדוסטריעלע בויער פון דער
אידישער קאָלאָניע אין קובאַ.. ער איז דער
מיט־אייגנטימער פון דער גרויסער קאַמי־
סעטן־פאַבריק "פּעררא".



## כאַקאָבאָ בערעזינסקי

געבוירן אין דער באַרימטער שטאָט ביאַ־
ליסטאָק, וואָס האָט געשמט מיט איר
טעקסטיל אינדוסטריע, אַזוי גוט ווי מיט
אירע באַרימטע מענטשן. ה' בערעזינסקי
איז געקומען קיין קובאַ דעם 31־טן יולי
1930, און ער איז היינט, צוזאַמען מיט
זיינע ברידער, פון די אָנגעזעענסטע אי־
דישע סוחרים אין ישוב.

## לאַזאַראַ ברינבערג



געבוירן אין פּינסק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 6־טן מאַי 1928. ה' לאַזאַראַ ברינבערג, כאָטש פון די שפּעטערדיקע אימיגראַנטן, האָט זיך דאָ פונדעסטוועגן שנעל אָריענטירט און ער פאַרנעמט היינט צו טאָג אַ בכבודיק פּלאַץ אין דער אידישער ביזנעס־וועלט. ער איז דער אייגנטימער פון געשעפט „לאַ קאַסאַ לאַזאַראַ", און ער איז אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.

## כאַקאָבאָ גוסעוויטש



געוואוינט אין דאָמבראָווא, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין חודש פעברואַר 1927. ה' גוסעוויטש איז געווען טעטיק אין דער שול־קאָמיסיע ביים „אידישן צענטער" (1943); נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, ביז ער איז אַריין אין פּאַטראָנאַט. אין איירָאָפּע איז ה' גוסעוויטש געווען דער קאַסירער פון קרן קימת לישראל אין זיין שטאָט.

## מאַנועל גינזבורג



געבוירן אין פארפיאַנעווע, רוסלאַנד; גע־קומען קיין קובאַ אין יאָר 1923. ה' גינזבורג איז איינער פון די ערשטע מיט־גלידער פון פּאַטראָנאַט און דעריבער פון די פּריווילעגירטע בויער פון אָט אינס־טיטוציע. ער איז אַ שותּף פון דעם אָנ־זעענעם פּאַטראָנאַט־טוער, ה' כּימאַן בערמאַן, פון דער פירמע ,,ניו־יאָרק טעקסטיל''.

## א. י. דובעלמאַן



געבוירן אין רייוויץ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 5־טן אַפּריל 1925. ה' דובעל־מאַן איז אַ באַקאַנטער אידישער בעלע־טריסט. זיינע דערציילונגען און נאָוועלן דרוקן זיך אָפּט אינם ניו־יאָרקער ,,טאָג''. אויסער דעם, איז ער איינער פון די בויער פון דער אידישער פּרעסע אין קובאַ און ער איז מיט־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג ,,האַוואַנער לעבן''.

## בערנאַרדאָ ווייַנטראַוב



געבוירן אין כמעלניק, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1927. ה' ווייַנטראַוב איז איינער פון די שטילע און באַשיידענע אידן אין ישוב. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשטופּט אין אויבן־אָן און האָט קיינמאָל נישט געוואָלט פאַרכאַפּן קיין פּאָזיציע. שטילערהייט האָט ער געבויט זיין עקאָנאָמיש לעבן און ביים היינטיקן טאָג איז ער אַן אָנגעזעענער סוחר אין דער אידישער קאָלאָניע. צו זיין שבח דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער איז געווען איינער פון די ערשטע אָנהענגער און ביישטייערער פון פּאַטראָנאַט.

## אברהם נתן ווייַנשטיין



געבוירן אין לעמבערג; געקומען קיין קובאַ דעם 10־טן נאָוועמבער 1923. ה' וויינ־שטיין האָט דורכגעמאַכט אַ פּראָדוקטיוון פּעריאָד אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון קובאַ. פון 1923 ביז 1927 איז ער געווען אַ פאַרטרעטער פון דער „אַמע־ריקאַן דזשואיש קאָמיטע"; פון 1926 ביז 1931 איז ער געווען פּרוויילונג־דירעקטאָר פון „אידישן צענטער"; פון 1927 ביז 1931, וויצע־סעקרעטאַר פון „אידישן צענטער"; פון 1929 ביז 1951 — אין דער דירעקטיווע פון דער ציוניסטישער פאַראייניקונג; אויך אין דער דירעקטיווע פון קרן היסוד.

## איסאַק האַביף



געבוירן אין שאנאקאלי - ווארדאנעלס, טערקיין; געקומען קיין קובאַ דעם 21־טן אָקטאָבער 1928. ווי מיר זעען איז ה' האַביף אַ ספרדישער איד, וואָס איז אָבער געקניפּט און געבונדן מיט דעם גאַנצן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט צו פאַרצייכענען פאָלגנדע אַקטיווּיטעטן: אין 1934 פּרעזידענט פון „מכבי"; אין 1948 פּרעזידענט פון „שבת־אחים"; אין 1950־1951 וויצע־פּרעזידענט פון בני־ברית; אין 1950 וויצע־פּרעזידענט פון „קאָנסעכאָ פּראָ איזראַעל" ביי דעם שבת אחים.

## אַדאָלפאָ ווערבין



געבוירן אין קאַמינעץ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 13־טן נאָוועמבער 1923. ה' ווערבין איז אַ מיטגליד אין כמעט אַלע וויכטיקע אידישע אָרגאַניזאַציעס פון קובאַ און ער שטיצט אַלע נויטיקע אידישע אינסטיטוציעס. ער איז דער אייגנטימער פון געשעפט „סאַסטרעריאַ סענטשורי", און אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## כאַסע זינגער

געבוירן אין לוצק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין מערץ 1924. ה׳ זינגער איז נישט פון די מענטשן אין ישוב, וואָס שטופּן זיך צום אויבן־אָן. אָבער אויב מען דאַרף ערגעץ צולייגן אַ האַנט, זאָגט ער זיך נישט אָפּ. ווען מען האָט, צום ביישפּיל, אין 1928 געדאַרפט זיין אַק־טיוו אין פּעדלער־פאַריין, איז ער עס גע־ווען אין פאָרם פון קאַסירער. ה׳ זינגער איז פון די ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט.

## דר. מאיר ליסאָוויטש



געבוירן אין בענעדעקי, טשעכאָסלאָוואַ־קיע; געקומען קיין קובאַ דעם 23־טן סעפּ־טעמבער 1923. דר. מאיר ליסאָוויטש האָט אַ רייכע געזעלשאַפטלעכע אַקטיווי־טעט צו פאַרצייכענען אין אידישן ישוב פון קובאַ. פון יאָר 1926 ביזן יאָר 1936 איז ער געווען פּרעזידענט פון "עדת ישראל"; פון 1929 ביז 1936 — פּרע־זידענט פון דער טשעכישער האַנדלס־קאַמער; אין יאָר 1951 איז ער גלייכ־צייטיק פּרעזידענט פון „הפועל המזרחי" און „ועד הכשרות"; אויך וויצע־פּרעזי־דענט פון דער אידישער קהילה פון קובאַ.

## סאַלאָמאָן לעווים



געבוירן אין יאַנאָוו, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 28־טן יוני 1923; זייענ־דיק אינגאַנצן 15 יאָר אַלט, האָט ה' לעווים פאַרשטאַנען אין לויף פון די יאָרן צו קריגן דעם בעסטן נאָמען אין היגן ישוב. ה' לעווים האָט אויפצואווייזן אַ גאָר שיינעם רעקאָרד אין דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. פון 1944־1945 איז ער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער; פון 1944 ביז 1946 פאַרנעמט ער דעם פּאָסטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער פאַ־ריייניקונג; אין 1946 איז ער אויך קאַסיר פון דער הסתדרות; אין 1950 זעען מיר אים ווידער אויף די פּאָסטנס פון וויצע־פּרעזידענט פון קרן קימת לישראל און קאַסיר פון דער ציוניסטיש. פאַרייניקונג.

---

## סאַלאָמאָן בראַסלאַווסקי



געבוירן אין קאַזמין, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 13־טן מאַי 1923; ה' בראַסלאַווסקי איז פון די שטילע, ערלעכע ביענטשן, וועלכע גייען אָן שטיל מיט זייער לעבן. ער איז פאַררעכנט פאַר אַן ערלעכן סוחר, מיט וועלכן עס איז גוט צו האַנד־לען, און ער שטייט קיינמאָל נישט אָפּ פון כלל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ גוטן צוועק. ער איז פון די ערשטע מיט־גלידער פון פּאַטראָנאַט.

---

## כאַקאָבאַ מושקאַט



געבוירן אין וואַרשע, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ דעם 29־טן מערץ 1924. ה׳ מושקאַט האָט דורכגעמאַכט אַ זייער שווערן ליידענסוועג, וואוינענדיק אַ לענגערע צייט אין באַראַקאָאַ, ביז עס איז אים געלונגען צו דערגרייכן זיין היינטיקן אָנגעזעענעם נאָמען אַלס אייגנטימער פון דעם באַקאַנטן מעבל־געשעפט „לאַ קאַסאַ כאַקאָבאַ“. ה׳ מושקאַט האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן: פון 1940 ביז 1942 איז ער וויצע־פּרעזידענט פון דעם וואַרשעווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין; פון 1948 ביז 1950 איז ער דירעקטאָר פון דער קהילה. ביים היינטיקן טאָג איז ער סעקרעטאַר פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער.

## אברהם ניעזוואַדאָוויטש



געבוירן אין סטאַוויסק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין מאָנאַט מערץ 1924. ה׳ ניעזוואַדאָוויטש איז נאָך אין דער אַלטער היים געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין זיין היימאַט־שטעטל סטאַוויסק איז ער געווען אַ צייט לאַנג סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; אין קובאַ זעען מיר אים אַלס דירעקטאָר און קאַסיר פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט, און פאַרשידענע מאָל אַלס דירעקטאָר פון צענטער און פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון דער אויטאָנאָמער שול ביים צענטער.



## מילטאָן מילער

אַ באַקאַנטער סוחר און פילאַנטראָפּ אין די פאַרייניקטע שטאַטן. ה' מילער איז זייער אָנגעזעען אין די קובאַנער אידישע סוחרישע קרייזן, און איז איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט.

## יוסף סאָבעל



געבוירן אין ווישאַול, אונגאַרן; געקומען קיין קובאַ אין יוני 1941. ה' סאָבעל איז אַזוי אַרום פון דעם שפּעטערדיקן דור אימיגראַנטן פון צענטראַל אייראָפּע. ער האָט אַ צייט געוואוינט אין אַנטווערפּן, בעלגיע, און ווען ער איז אָנגעקומען קיין קובאַ האָט נישט לאַנג געדויערט און ער האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט מיט אַ געשעפט, וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען „קאַסאַ סאָבעל". ה' יוסף סאָבעל איז פון די פריסטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט. אין אַנטווערפּן איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דער „מכבי" אָרגאַניזאַציע.



## גרשון סמאָלאַרטשיק

געבוירן אין טשעכאנאָווצע, פּוילן; גע־
קומען קיין קובאַ אין 1922. ה' גרשון
סמאָלאַרטשיק איז מיט אַ צייט צוריק
געווען טעטיק אין „אידישן צענטער";
ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער דירעק־
טיווע (1935), אָבער לעצטנס האָט ער
זיך צוריקגעצויגן פון געזעלשאַפטלעכער
טעטיקייט און ער גיט זיך מערסטנס אָפּ
מיט זיין היים און מיטן געשעפט. ער
האָט שוין, קיין ע"ה, צוויי דערוואַקסענע
זין, הערמאַן און ישראל, און איז דער
איינגנטימער פון געשעפט ,קאַסאַ זאָמביע'.

## כאָסע זאַביעלינסקי



געבוירן אין לעכאוויטש, פּוילן; געקומען
קיין קובאַ דעם 17־טן פעברואַר 1935.
ה' זאַביעלינסקי קאָן פאַררעכנט ווערן
צום מיטעלן דור אידישע אימיגראַנטן פון
קובאַ. ער איז צו יונג צו געהערן צום
עלטערן דור, און צו אַלט צוגערעכנט צו
ווערן צו דער יוגנט. אין אים געפינט זיך
דער סינטעז צווישן דעם פריערדיקן און
איצטיקן דור אידן אין קובאַ. ער אַליין
איז טראַדיציאָנעל אידיש און שטאַרק
אַריינגעטאָן אין אַלצדינג, וואָס האָט צו
טאָן מיט דעם אידישן אויפבוי, וואו עס
זאָל נישט זיין.



## א י ד אַ  פּ אָ ר ט נ אָ י

געבוירן אין ניקאָלאַיעוו, רוסלאַנד; געקו־
מען קיין קובאַ דעם 10־טן יולי 1925.
פרוי פּאָרטנאָי האָט גרויסע פאַרדינסטן
פאַרן היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן; דער
עיקר איז זי געווען טעטיק אין פרויען
פאַריין, וואו זי האָט פאַרנומען די אַמטן
אי אַלס פּרעזידענטין, אי אַלס קאַסירערין
פון דער אָרגאַניזאַציע. פרוי אידאַ פּאָרט־
נאָי איז אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## ה י י ם  פּ ע ד ע ר

געבוירן אין קלעצק, פּוילן; געקומען קיין
קובאַ אין יאָר 1924. ה' פעדער איז דער
אייגנטימער פון דעם באַקאַנטן געשעפט
„קאַסאַ אַטלאַנטיק". אין געזעלשאַפט־
לעכן לעבן זעען מיר אים אין יאָר 1940
אַלס דירעקטאָר פון אידישן צענטער; אין
1943 אַלס דירעקטאָר פון דער אידישער
האַנדלס־קאַמער. ה' פעדער איז אַ מיט־
גליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס.

## אַנאַ קאַריטי



געבוירן אין האַוואַנאַ, פאַרהייראַט צו דעם אָנגעזעענעם אינדוסטריאַליסט מאַ־רים קאַריטי. פרוי אַנאַ קאַריטי איז אַ קובאַנער פּראָדוקט, ווי עס איז צו זען, אָבער זי איז אַ אידישע טאָכטער, אָנגע־זאַפּט מיט דער אידישער טראַדיציע, וואָס זי האָט געזען אין אירע עלטערס הויז. פון די ערשטע פרויען מיטגלידערינס פון פּאַטראָנאַט.

## ען קאַריטי



געבוירן אין טשיקאַגאָ, פאַראייניקטע שטאַטן; געהייראַט דעם אָנגעזעענעם גע־זעלשאַפטלעכן טוער און אינדוסטריאַ־ליסט, ה' כוליאָ קאַריטי, אין יאָר 1945, אין טשיקאַגאָ. פרוי ען קאַריטי איז פון די אַמאָליקע אידישע טעכטער, וועלכע נעמען אויף זיך מיט פרייד די אַלע זאָרגן פון דער היים און פאַמיליע. אַבי דער מאַן זאָל קאָנען טאָן זיין געזעלשאַפטלעכע פליכט. זי האָט אַזוי אַרום אַ גרויסן חלק אין איר מאַנס פאַרדינסטן פאַר דעם ישוב פון קובאַ, וועלכן זי האָט אַדאָפּטירט און וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון איר און פון די צוויי קינדערלעך זייערע.

## חיים קיער



געבוירן אין פּאַנעוועזש, ליטע; געקומען קיין קובאַ דעם 10־טן יוני 1923. ווי עס איז צו זען, איז ה׳ קיער פון די ערשטע אידישע אימיגראַנטן אין קובאַ און איי־נער פון די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע בויער. אין יאָר 1944 איז ער פּרעזידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט; אין 1946 — דירעקטאָר פון אידישן סוחרים פּאַריין, און אין 1948 וויצע־פּרעזידענט פון „אידישן צענטער". ה׳ חיים קיער איז אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט און איי־נער פון די געטרייסטע אָנהענגער פאַר אַ פּאַרייניקט אידיש לעבן אין ישוב.

## לייזער קראַוויקאַס



געבוירן אין אטיאָן, ליטע; געקומען קיין קובאַ אין מאָנאַט מערץ 1928. ה׳ קראַ־וויקאַס איז אַן אָנגעזעענער סוחר, אייגנ־טימער פון דער פירמע „קראוו טעקס־טיל"; איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## אברהם קאָזאָלטשיק

געבוירן אין קרינקי, פוילן; געקומען קיין
קובאַ דעם 10־טן יולי 1929. ה׳ אברהם
קאָזאָלטשיק איז געווען אין 1946 איינער
פון די גרינדער פון אידישן צענטער אין
מאַריאַנאַאָ און איר פּרעזידענט; היינט
צו טאָג איז ער דירעקטאָר פון דער אוי־
טאָנאָמער שולע ביים אידישן צענטער.

## סאַלאָמאָן קרעם



געבוירן אין קאסאווע, פוילן; געקומען
קיין קובאַ אין סעפּטעמבער 1928. ה׳
קרעם איז אַן אָנגעזעענער אידישער סוחר
אין ישוב, דער אייגנטימער פון דער
פירמע „קאָמפּאַניאַ פעדעראַל דע טעכי־
דאָס״; ער איז געזעלשאַפטלעך באַ־
וואוסטזיניק און שטיצט אַלע אידישע
אונטערנעמונגען, סיי דאָ, סיי אין ישראל
מיט אַ ברייטער האַנט.

## דזשעק גאַנז



געבוירן אין ניו־יאָרק דעם 17־טן אויגוסט 1913, און איז אַן איידעם פון דעם פּראָ־מינענטן אידישן כלל־טוער פון האַוואַנאַ, ה' בען דיזיק. מר. גאַנז האָט גאָר אַ רייך צעטל פון געזעלשאַפטלעכע פאַרדינסטן אויף זיין געוויסן. ער איז דער וויצע־פּרעזידענט פון קאָמיוניטי טשעסט פון זיין שטאָט, וואו ער וואוינט: ראָטשעס־טער נ. י.; ערן וויצע־פּרעזידענט פונם דאַרטיקן אידישן צענטער; קאַסירער פון שפּיטאָל פון פאָרטשעסטער; טשערמאַן פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל פון זיין שטאָט; טשערמאַן פון „כנסת תפארת ישראל"; קאַסירער פונם דזשואיש קאָ־מיוניטי קאונסיל און אַ דירעקטאָר פון רער סייווינגס בענק פון פּאָרט טשעסטער.



## שמחה גלעזער

געבוירן אין כאָמסק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1926 אַלס קינד. ה' גלעזער איז באַקאַנט אַלס קונסטמאַלער. זיינע בילדער זענען פּרעמירט געוואָרן אויף אויסשטעלונגען אין קובאַ און אין די פאַרייניקטע שטאַטן. ער איז אויך דער צייכנער פון אונזער שערבלאַט, „דער גרונטשטיין".



## אַלבערטאָ ראָזענבערג

געבוירן אין קאַמעניץ, פּאָדאָלסק, רוס־לאַנד; אָנגעקומען קיין קובאַ אין סעפּ־טעמבער 1921. אַלס איינער פון די ערשטע אימיגראַנטן אין קובאַ האָט ה׳ אַלבערטאָ ראָזענבערג דורכגעמאַכט אַ אינטערעסאַנטן לעבנס־וועג אין דעם נייעם לאַנד. ביים היינטיקן טאָג איז ער אַן אָנגעזעענער סוחר, מיט־אייגנטימער פון דער פירמע „אַלמאַסענעס דע טעכידאָס“.

## משה ראָזענבערג



געבוירן אין סאַלאַק, ליטע; געקומען קיין קובאַ אין אָקטאָבער 1923; ה׳ ראָזענ־בערג איז געווען טעטיק אין „אידישן צענטער“, וואו ער האָט (אין 1948) פאַרנומען דעם אַמט פון וויצע־פּרעזי־דענט. אין 1949־טן ישראל קאַמפּיין איז ער געווען קאַסירער. אויסער דעם איז ה׳ משה ראָזענבערג אַ דערפאָלגרייכער ביז־נעסמאַן. ער איז דער אייגנטימער פון גע־שעפט „קינטאַ אַווענידאַ“ אויף גאַליאַנאָ.

## ראַפאַעל ראָזענבערג



געבוירן אין סאלאק, ליטע; געקומען קיין קובא אין מאָנאַט דעצעמבער 1930. ה' ראָזענבערג איז איינער פון די שותפים פון דעם באַקאַנטן געשעפט „קאָמפּאַניאַ טעכידאָס קינטאַ אַווענידאַ"; צייכנט זיך תמיד אויס מיט אַ ברייטער האַנט צו די נויטן פון אַלע הצטרכותן פון ישוב; איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס, און איינער צווישן די ערשטע פון פּאַטראָנאַט.

## לייב ראבין



געבוירן אין שפּאַלע, רוסלאַנד, און אַיינגעוואַנדערט אין די פאַרייניקטע שטאַטן אינם יאָר 1923. זיין איצטיקער וואוינאָרט איז ניו־יאָרק. מר. ראבין ווערט פאַררעכנט פאַר אַ וויכטיקן פּיאָנער פונם אידישן לעבן אין אַמעריקע סיי אויפן געביט פון פילאַנטראָפּיע, סיי אַלגעמיין — געזעלשאַפטלעך או עקאָנאָמיש. ער איז דער טרעזשורער פון דער גרויסער פירמע „נעשאָנאַל דאַל מעניופעקטשורינג אַסאָסיאיישאָן אָוו יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקא"; ער איז איינער פון די קאָטשערלייט פונם יונייטעד דזשואיש אפּיל; דער טרעזשורער פון דער „פעדערייישאָן אָוו דזשואיש פילאַנטראָפּיס"; דער טרעזשורער פון דער „טאָי אינדוסטרי" און ער איז אַ מעמבער פון דער „אַדווייזארי באָארד" פון מאַסאָנישן לאָדזש פ. א. מ. און פון פּאַראַמאָונט לאָדזש 1067.

## סאַלאָמאָן ריקליאַנסקי



געבוירן אין זאסלי, ליטע; געקומען קיין קובאַ דעם 5־טן פעברואַר 1926. ה׳ סאַלאָמאָן ריאַקליאַנסקי איז באַקאַנט אין דער אידישער עפנטלעכקייט מיט זיין ברייטער האַנט, וואָס רופט זיך תמיד אָפּ צו אַלע נויטן פון אידישן ישוב. אויסער דעם האָט ער אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין אַ סך אינסטיטוציעס. ה׳ סאַלאָמאָן ריקליאַנסקי איז אַ שותף אין דער וועיט־באַקאַנטער פירמע „קאָנפעקסיאָנעס א־טעכידאָס פּעררא״, וועלכע צייכנט זיך תמיד אויס מיט זייערע אָנגעזעענע ביישטייערונגען צו אַלע קאַמפּיינען, וואָס קומען פאָר אין היגן אידישן ישוב.

## מאַטיאַס רעדלער



געבוירן אין וואַרשע; געקומען קיין קובאַ אין חודש אַפּריל 1921; דאָס באַצייכנט ה׳ רעדלער פאַר איינעם פון די ערשטע אידישע אַיינוואַנדערער אין קובאַ. ה׳ מאַטיאַס רעדלער האָט אַ קורצע צייט געוואוינט אין פּאַריז, וואו ער האָט געהייראַט מיט זיין איצטיקער פרוי גיטל. ה׳ רעדלער איז דער אייגנטימער פון געשעפט „לאַ ווענטאַכאַ״

## זישע שאַפּטאַל



געבוירן אין קאַטילעץ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 29־טן נאָוועמבער 1922. ה' שאַפּטאַל איז פון די „שטילע ביר־גער" אין ישוב. ער לאָזט אַנדערע זיך קאָכן און טומלען, און אַליין שטייט ער פונדערווייטנס מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. ער האָט, נאַטירלעך, זיינע מיינונ־גען און איבערצייגונגען, וועלכע ער ווייזט אַרויס נאָר ביי געציילטע מאָמענטן. ה' זישע שאַפּטאַל איז דער מיט־אייגנטימער פון געשעפט „אַלמאַסען דע טעבידאָס".

## הירש שטיין



געבוירן אין סאַלאַקי, ליטע; געקומען קיין קובאַ דעם 3־טן סעפּטעמבער 1932. ה' שטיין איז אַ מיטגליד פון פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין ישוב, וועלכע ער שטיצט מיט זיינע ביישטייערונגען, ווען נאָר מען דאַרף. ער איז דער אייגנ־טימער פון געשעפט „לאַ קאַסאַ שטיין", און אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## מאָיסעס שלעזינגער

געבוירן אין זאמבראוו, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 12־טן יאַנואַר 1924. ה' שלעזינגער האָט אַ היפּש צעטל פון געזעלשאַפטלעכע פאַרדינסטן אין היגן ישוב. אָט זענען אייניקע פון זיי: אין 1932 איז ער געווען פּרעזידענט פון דער אויטאָנאָמער שולביים צענטער; אין 1933 גענעראַל־סעקרעטאַר פון „אידישן צענטער"; אין 1934 — וויצע־פּרעזידענט פון „אידישן צענטער"; אין 1940 — פּרעזידענט פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער; אין די יאָרן 1943־1944 איז ער געווען פּרעזידענט פון קרן קימת אין קובאַ, און אין די יאָרן 1945־1947 — פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פאַרייניקונג אין קובאַ.



## שלמה באַלטיאַנסקי

געבוירן אין סימפעראָפּאָל, רוסלאַנד; גע־
קומען קיין קובאַ אין יאָר 1923; פֿון
1929 ביז 1933 איז ה' באַלטיאַנסקי קאַ־
סירער פֿון אידישן צענטער; היינט צו
טאָג איז ער אַ מיטגליד פֿון אַלע אידישע
אינסטיטוציעס.



## אייזיק באַקאַלטשוק

געבוירן אין פּינסק, פּוילן; געקומען קיין
קובאַ אין 1923. געווען אין דער דירעק־
טיווע פֿון „אידישן צענטער", קאַסירער
פֿון סוחרים פאַריין; איז לעצטנס געוואָרן
אַ מיטגליד פֿון פּאַטראָנאַט.



## חיים בלאָך

געבוירן אין לידע, פּוילן; אָנגעקומען קיין
קובאַ אין 1928; נעמט אנטייל אין גע־
זעלשאַפטלעכן לעבן; דירעקטאָר פֿון אי־
דישן צענטער אין 1935, און אויך פּרעז־
זידענט פֿון דער אונטערנעמונגס־קאָמיסיע
ביים זעלבן; אַ מיטגליד אין אַלע אידישע
אינסטיטוציעס.



## באַקאָבאָ בלום

געבוירן אין ראקיטנע, לעבן קיעוו; גע־
קומען קיין קובאַ אין 1928. ה' בלום איז
פֿון עלטסטע אידישע אימיגראַנטן אין
קובאַ. אין 1930 איז ער געווען וויצע־
פּרעזידענט פֿון „עדת ישראל" און אין
1940 וויצע־פּרעזידענט פֿון חסד של אמת.



## מאַקסימאָ בלום

געבוירן אין קיעוו, הויפּט־שטאָט פון
אוקראַינע; געקומען קיין קובא אין 1924.
אין די יאָרן 1934־1935 געווען טעטיק
אַלס דירעקטאָר אין „אידישן צענטער"
און אין אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט. איז
אַן אָנגעזעענער סוחר אין דער אידישער
קאָלאָניע פון האַוואַנאַ.



## סאַלאָמאָן בעקער

געבוירן אין ראַקיטנע, רוסלאַנד; געקו־
מען קיין קובא אין 1924. געווען אין דער
דירעקטיווע פון „אידישן צענטער" און
קאַסירער אין אַנטי־טובערקולאָז קאָמי־
טעט אין יאָר 1930. איז דער אייגנטימער
פון געשעפט „לאַ פראַנסיאַ".



## לעאָפּאָלד בערקמאַן

אָנגעקומען פון ווילנע, פּוילן, אין 1938;
אין פּוילן געווען פּאַרטרעטער פון „קוריער
ווילענסקי"; דאָ אַ מיטגליד אין אַלע
אידישע אינסטיטוציעס.



## עליאַס ברינבערג

געבוירן אין פּינסק, פּוילן; אָנגעקומען אין
קובאַ אין יאָר 1930; מיט־אייגנטימער
פון געשעפט „קאָנפעקסיאָנעס פּאָרטין".

## זונדל בערעזינסקי



געבוירן אין ביאַליסטאָק; געקומען קיין קובאַ אין 1926; ער איז דער ברודער פון דעם אָנגעזעענעם פּאַטראָנאַט־טוער, ה' הערמאַן בערעזינסקי, און אַ מיט־אייגנטימער פון דעם געשעפט ,,בערענס מאָדאַס''.

## ישראל גאַדלעס



געבוירן אין גראָדנע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1924. געווען וויצע־פּרעזידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט (1932); וויצע־פּרעזידענט פון צענטראַל־קאָמיטעט (1943); אַדמיניסטראַטאָר פון דער אויטאָנאָמער שול ביים צענטער (1940); אין דער דירעקטיווע פון ,,אידישן צענטער'' און אין דער אידישער האַנדלס־קאַמער.

## לייב גאָלד



געבוירן אין מעסיה, רומעניע; געקומען קיין קובאַ אין 1924. איז געווען טעטיק אין דער שול ,,עדת ישראל'' (וויצע־קאַסירער), און געהערט צו דער דירעקטיווע פון דער אידישער האַנדלס קאַמער. איז פון די ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט.

## סאַמועל גאַלפּאַנד



געבוירן אין רומעניע; איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן; ערשטער פּרעזידענט פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער; דירעקטאָר פון צענטער און דער קהילה.



## כאַסע גוטמאַן

געבוירן אין שפּעטאַווקאַ, רוסלאַנד; גע־קומען קיין קובאַ דעם 27־טן מערץ 1923. אין 1928 איז ה' גוטמאַן דירעקטאָר פון אידישן צענטער; אין 1930 אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער ציוניס־טישער פאַרייניקונג.



## מאַנועל גוראַלניק

געבוירן אין דראָגיטשין, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1924; איז אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## אברהם גאַנאַפּאָלסקי

געבוירן אין ווינאָגראַד, רוסלאַנד; געקו־מען קיין קובאַ דעם 25־טן אויגוסט 1925. איז געווען אין פאַרשידענע צייטן קאַסיר פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט; דירעק־טאָר פון אידישן צענטער און וואָקאַל אין דער אויטאָנאָמער שול ביים צענטער.



## העלאַ דריימאַן דע פיגלער

געבוירן אין וואַרשע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 2־טן פעברואַר 1924. פרוי פיגלער איז איינע פון די אַקטיווסטע וע־זעלשאַפטלעכע פרויען אין ישוב. זי איז אָדער איז געווען אַ מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון אַזעלכע וויכטיקע אָרגאַ־ניזאַציעס, ווי: ציוניסטישע פאַרייניקונג, אידישער צענטער, פרויען פאַריין, אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט, צענטראַל־קאָמי־טעט און „וויצאָ". אויף איר אייגענער איניציאַטיוו איז פרוי פיגלער לעצטנס געוואָרן אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## מיגעל גורוויטש

געבוירן אין ווילנע, פוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 5־טן מערץ 1924; געוועזענער דירעקטאָר פון אידישן צענטער און אַ מיטגליד פון אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## אַנטאָניאָ דאַסקאַל

געבוירן אין סיגעט, רומעניע; אָנגעקומען אין קובאַ אין 1924; אייגנטימער פון דער פירמע „דאקאל טעקסטיל קאָמפּאַניע"; פאַרנעמט דעם אַמט פון קאַסיר אין דער אידישער האַנדלס־קאַמער.



## זיסקאָ דעססעל

געבוירן אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק; געקומען קיין קובאַ דעם 2־טן יוני 1938. אין זיין היים־שטאָט איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; דאָ אין קובאַ איז ער געווען טעטיק אין דעם געוועזענעם שניידער פאַריין, וואו ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַר.



## היים וואָלפּע

געבוירן אין ווילקאָמיר, ליטע; געקומען קיין קובאַ אין 1924. געווען אין דער דירעקטיווע פונם פאַריין פון די ליטווישע אידן (1950), און איז איצט אין דער דירעקטיווע פונם אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט.

## משה דיזיק



געבוירן אין אומאן, רוסלאַנד, און צו 9 יאָר אָנגעקומען קיין קובאַ (1922). ווי עס איז צו זען לויט זיינע יאָרן, איז ה׳ משה דיזיק כמעט אינגאַנצן אַ פּראָדוקט פונם נייעם לאַנד, וועלכעס ער האָט גע־מאַכט פאַר זיין היים — קובאַ. ה׳ משה דיזיק איז אַ דירעקטאָר פון דער „יוניי־טעד היברו קאָנגרעגיישאָן״ אין האַוואַנאַ און אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.

## א. ז. ווײַנשטיין



געבוירן אין פּינסק, פּוילן; אָנגעקומען קיין קובאַ אין יאָר 1924; איינער פון אונזערע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער; פאַרנעמט היינט דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון אידישן צענטער און איז פּרעזידענט פון דער אידישער שולע ביים צענטער.

## מאַקס ווײַנשטיין



געבוירן אין פּינסק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1928; מיט־אייגנטימער פון געשעפט „קאָנפעקסיאָנעס פּאָרטין״; איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטי־טוציעס.

## איסאַק ווינער



געבוירן אין דראַצנע, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 2־טן פעברואַר 1924. ה׳ ווינער האָט נאָך אין די ערשטע יאָרן פון זיין קומען קיין קובאַ, גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין 1930 איז ער דירעקטאָר פון אידישן צענטער; אין 1940 וואָקאַל פון דער אויטאָנאָמער שול ביים צענטער.



## רייזל ווײַנשטיין

געבוירן אין טעלעכאַן, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 20־טן מאַי 1928. פרוי רייזל וויינשטיין איז באַקאַנט אין דעם גאַנצן ישוב אַלס די אייגנטימער פון דעם רעסטאָראַן „מוישע פּיפּיק".



## דוד זעליגמאַן

געבוירן אין אסאַלענקאָ, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 20־טן מאַי 1924. איז אַ מיטגליד אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, און אייגנטימער פון געשעפט „על קאַיראָ"



## לואיס טאָפּ

געבוירן אין וואַרשע; געקומען קיין קובאַ אין 1927; איז אַ מיטגליד אין פאַרשיי־דענע אינסטיטוציעס, און איז מיטאייגנ־טימער פון געשעפט „טאָפּ, סינאַי און קאָמפּאַניע".



## סאַמועל טויבענפעלד

געבוירן אין לאָדז, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 25־טן יאַנואַר 1928. ה' טויי־בענפעלד איז אַ מיטגליד אין פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס, און איז דער אייגנטימער פון געשעפט „לאַ מאָדערנאַ".



## אַ ר נ אָ  ט אָ פּ

געבוירן אין גאָוויגראָד, פּוילן; געקומען
קיין קובאַ אין יוני 1921; איז אַ מיט־
גליד אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, און
מיטאייגנטימער פון דער באַקאַנטער פיר־
מע „טאָפּ, סינאַי און קאָמפּאַניע".



## ע ל י אַ ס  ט ו כ מ אַ ן

געבוירן אין זעמבראָוו, פּוילן; געקומען
קיין קובאַ אין 1924. אין 1946 געווען
סעקרעטאַר פון „אידישן צענטער"; איז
אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## ה ל ל  ט ע נ נ ע ן

געבוירן אין זלאַטשעוו, פּוילן; געקומען
קיין קובאַ אין יאַנואַר 1924. ה' טעננען
איז דער מיט־אייגנטימער פון דער באַ־
קאַנטער פירמע „לאַ רעינאַ", און איז אַ
מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## ח י י ם  ט ש ע ר ט ש ע ס

געבוירן אין קודענעוו, רוסלאַנד; געקומען
קיין קובאַ דעם 25־טן יוני 1924. איז גע־
ווען קאַסיר אין דער פאַרוואַלטונג פון
דער אויטאָנאָמער שולע פון 1940 ביז
1950; אין 1950 איז ער וויצע־פּרעזי־
דענט פון דער זעלבער פאַרוואַלטונג. ה'
טשערטשעס איז היינט צו טאָג פאַרוואַל־



## אַלבערטאַ לאָווינגער

געבוירן אין קלאַי, רומעניע; געקומען קיין קובאַ אין 1924. איז דער אייגנטימער פון געשעפט „קאַסאַ לאָווינגער", און פון די ערשטע מיטגלידער פון פּאַטראָנאַט.



## ישׂראל לוסקי

געבוירן אין סלאָנים; געקומען קיין קובאַ אין 1924; אָנגעהאַלטן פאַרשידענע אַמטן אין לאָקאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי די ציוניסטישע; באַלאַנגט צו „בני ברית", טעאָדאָר הערצל שול, א. א.



## חיים לוצקי

געבוירן אין דאַוויד־גאָראָדאָק; געקומען קיין קובאַ אין 1924; איז טעטיק ביי זיינע לאַנדסלייט און ער באַקליידט דעם אַמט פון פּרעזידענט פון דאַוויד־גאָראָדאָקער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין; ער איז אויך אַ מיטגליד פון פּאַטראָנאַט.



## וועראַ ליסאָגורסקי

געבוירן אין קיעוו, הויפּט־שטאָט פון אוקראַינע; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1925. איז צוזאַמען מיט איר מאַן, באַסע, די אייגנטימערין פון געשעפט „יאַבט קלוב".



## לאַזאַר לעוואָוויטש

געבוירן אין מינסק, ווייס־רוסלאַנד; אויס־געוואַנדערט אין יאָר 1924; געקומען קיין קובאַ אין חודש אויגוסט 1924; אין 1948 געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון ,,בית החיים''; איז דער אייגנטימער פון געשעפט ,,קאַסאַ לעוואָוויטש''.



## כאַקאָבאַ ליטוואַק

געבוירן אין קאַרעטץ, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1923. איז געווען אין יאָר 1940 וויצע־קאַסיר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.



## כאָסע ליסאָגורסקי

געבוירן אין נאַוואַיעלניע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1924; איז אַ מיטגליד פון פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין קובאַ.



## לייב לעווין

געבוירן אין ליטע; אָנגעקומען קיין קובאַ אין 1928; אַ חשובער ביזנעסמאַן; נעמט אנטייל אין פאַרשידענע ציוניסטישע קאַמפּיינען ווי אַ שטאַרקער מיטאַרבעטער אין 1947 פון קרן היסוד; אייגנטימער פון ,,קאָנפעקסיאָנעס אניטאַ''.



## איסאַק מאָנקאַרז

געבוירן אין פּולטוסק, רוסלאַנד; געקו־
מען קיין קובאַ אין יאַנואַר 1929. איז אַ
מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דער
ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זייט דעם
יאָר 1930, און אייגנטימער פון געשעפט
„לאַ עלעגאַנטע".



## איגנאַציאָ מושקאַט

געבוירן אין וואַרשע; געקומען קיין קובאַ
דעם 4־טן יאַנואַר 1931; איז אַ מיטגליד
אין פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס,
און אייגנטימער פון געשעפט „ראָזע אַלי־
געטאַר גודס".



## מאיר מעכאַבער

געבוירן אין גאַניענדז; געקומען קיין קובאַ
דעם 21־טן יוני 1925; וויצע־פּרעזידענט
פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער און אַ
מיטגליד פון אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## כאַקאָבאָ מוקאַסעי

געבוירן אין לאַכאָוויטש, רוסלאַנד; געקו־
מען קיין קובאַ אין 1923; געווען אַ צייט
פּרעזידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמי־
טעט (1940); דירעקטאָר פון דער אוי־
טאָנאָמער שול; היינט אַ מיטגלידער פון
פּאַטראָנאַט.



## סאַמועל לאַשינסקי

געבוירן אין יאַנאָוו־ביאַליסטאָק, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם 7־טן פעברואַר 1921; געווען דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון 1937 ביז 1949; קאַמפּיין דירעקטאָר פון קק"ל אין 1945; פּרעזידענט פון קק"ל אין 1946־1947; אין 1949 דירעקטאָר פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער.



## מאַיסעס ניעמאַן

געבוירן אין האָראָדיטשע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1930. איז איצטער דירעקטאָר פון דער אידישער האַנדלס־קאַמער, און איז דער אייגנטימער פון געשעפט „קאָנפעקציאָנעס ניעמאַן".



## משה נעכמאַן

געבוירן אין לאָמזשע, פּוילן; געקומען קיין קובאַ דעם ־טן יוני 1935. ה' משה נעכמאַן איז פאַר אַ צייט געווען סעקרע־טאַר פון דער ציוניסטישער פאַרייניקונג, און איז דער אייגנטימער פון דעם גע־שעפט „קאַסאַ נעי".



## הײם נעפּאמעכיע

געבוירן אין יעקאַטערינאָפּאָל, רוסלאַנד; געקומען קיין קובאַ דעם 18טן נאָוועמבער 1928. איז אַ מיטגליד אין פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס אין היגן ישוב.



## כאַסע סאַמערשטיין

געבוירן אין סקאלאט, פוילן; געקומען קיין קובא דעם 25־טן אַפּריל 1925; איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס; ה׳ סאַמערשטיין איז אַ באַקאַנטער סוחר, דער אייגנטימער פון געשעפט „טיענדאַ דע טאַלאַבאַרטעריאַ״.



## י. סאַרין

געבוירן אין וואַרשע, הויפּט־שטאָט פון פוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1941; אייגנטימער פון „באַיעריאַ סאַרין״.



## עלי סינאַי

געבוירן אין ברעסק, פוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1923. איז אַ באַקאַנטער סוחר, מיט־אייגנטימער פון דער פירמע „טאָפּ. סינאַי און קאָמפּאַניע״. ה׳ סינאַי איז אַ מיטגליד אין אַלע אידישע אינסטיטוציעס.



## זיגפריד סטארק

געבוירן אין ווין, עסטרייך; געוואוינט אין בעלגיע; געקומען קיין קובאַ אין 1941; מיטגליד פון פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס.



## מרדכי עפשטיין

געבוירן אין באראנאָוויטש, פוילן; געקו־מען קיין קובא אין מאָנאַט מערץ 1937; אַנגעזעענער סוחר און אייגנטימער פון געשעפט ,,אוניווערסאַל טעקסטיל".



## טוביה פוקס

געבוירן אין כעלם, פוילן; געקומען קיין קובאַ אין 1924; געווען טעטיק אין דער אידישער האַנדלס־קאַמער און אין דער רעליגיעזער אינסטיטוציע ,,עדת ישראל"; איז אַ מיטגליד פון פאַטראָנאַט.



## אַלעכּסאַנדראָ פיגלער

געבוירן אין בודאפעסט, אונגארן; געקו־מען קיין קובאַ אין 1923. שוין אַזוי פרי ווי אין יאָר 1925 איז ה' פיגלער געווען אַ מיטגליד פון דער דירעקטיווע פון ,,אי־דישן צענטער"; אין 1943 איז ער געווען סעקרעטאַר פון פאַריין פון די אונגאַרישע אידן; ער איז אויך געווען אין פוטבאָל טים פון די אידישע אַטלעטן.



## אברהם פיש

געבוירן אין גאלאגורע, פוילן; געקומען קיין קובאַ אין יאָר 1923; געווען פרעזי־דענט פון ,,ווארשעווער לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין" (1939); פרעזידענט פון אַנטי־טובערקולאָז קאָמיטעט, און איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון פאַטראָנאַט.

